# די שבועה.

## דראמא אין פיער אקטען.

פון

יעקב גארדין.



ווארשוי. תרע"א.

ПРИСЯГА.

Сочиненіе Я. Гордина.

## פערזאנען:

פֿײַוויש — אַ פּאָטשטאַר

ראָניע — זײַן ווײַב

בן ציון — זייער זון

אײַביש — פּריקאַזטשיק

אַקסעל — זייער קוזין

גנעסיע — אַ דיענסט

פֿײַגע — פײַווישעס שוועסטער

לײַבוש — אַ שוואָגער

אָפֿיציר, יאַמשטשיקעס, שיקסעס.



Тип. Б, Туршъ Варшава Новолипки 6

# ערשטער אקט.

(אַ גרויס צימער, אַלט-מאָדיש מעבעל, אין פֿראָנט אַ טישעל, צו וועלכען ס'איז צוגעזיגעלט אַ בוך אויף אַ שנירעל; אין הינטער-גרונד — אַ בעט, אויף וועלכען ס'ליגט דער קראַנקער פֿייוויש. נעבען בעט — אַ הרובע וואָס ברענט מיט האָלץ, פֿון דער אַנדערער זייט — אַן עס-טיש, ביי וועלכען גנעסע שטעהט און קאַטשעט לאָקשען. די זייטען-טהיר אָפען; ס'הערט זיך זינגען, איינער שפּילט אויף אַ גאַרמאָניע). (פּויזע).

**פֿייוויש:**

וואָס שרייען זיי דאָרט? (צו גנעסען:) דוקא דו דאַרפֿסט קאַטשען לאָקשען? ס'קלאַפּט מיר אין קאָפּ שוין. (גנעסע בייז אָב).

**יאַמשטשיקעס** (אין די קוליסען).

חיביע, היע, היע„ שטשאָ ברעשעש בידלאָ סאָבאַטשאָ? (איינער שפּילט, כאָר זינגט מאַלאָ-רוסיש).

**פֿייוויש:**

גנעסע, גנעסע, דו הערסט? קיינער הערט ניט; אוי, ווער איז דאָרט? (מאַכט צו די טהיר.) די יאַמשטשיקעס מאַכען מיך קראַנק און משוגע מיט זייערע ווילדע געשרייען.

**גנעסע:**

(רייסט זיך אויס פֿון עמיצען, לויפֿט דורך דורכ'ן צימער).

**פֿייוויש:**

גנעסע, דו הערסט?

**גנעסע:**

ניין, איך הער ניט. כ'האָב קיין צייט ניט. (אָב אין זייטען-טהיר).

פײװיש:

בן-ציון, אַקסעל, אַקסעל, אוי!

אַקסעל:

איהר רופֿט מיר, בעל-הבית, איך בין דאָ.

פײװיש:

װעמען זאָל איך רופֿען, צו אַלדע-שװאַרץ-יאָהר, אז ניט דיך.

אַקסעל:

מען טאָר זיך ניט בײזערן, פֿעטער. דערפֿון האַליעט מען ערגער. (פּראָװעט זײן געלעגער). זאָל איך אַרײנװאַרפֿען נאָך עטליכע שטיקלעך האָלץ אין הרובע אָדער דורכהײצען מיט א רעדנע שטרוי? אייך איז קאַלט אין די פֿיאַטעס? (דעקט איהם צו.)

פײװיש:

מיר איז ניט קאַלט. מאַך צו די טהיר. (ס'געשעהט). װאָס איז, לאַריאַן איז שױן װידער שכור?

אַקסעל:

ער איז ניט שכור, ער איז אָבער מלא שמחה, װאָס הײנט װעט מען ברענגען געלד פֿון קאָזנאַטשײסטװאָ, און מען װעט איהם געבען זשאַלאָװאַניע — און ער װעט האָבען פֿאַר-װאָס צו שכור'ן. בעל-הבית, מען קאָן זיי ניט פֿערשטאָפּען די הלאָטקעס, זיי פֿאַררײכטען די הרובע און זינגען און לאַכען.

פײװיש:

אוי, זיי זינגען און לאַכען, װען איך האַלט בײם שטאַרבען...

אַקסעל:

עה, איהר האַלט שױן 7 יאָהר בײם שטאַרבען. מײנט ניט, אז שטאַרבען איז אַזױ גרינג, מען דאַרף זיך געװױנען אַנטױשען, אײדער מען שטאַרבט...

פּײַוויש:

און ווי מײַנסטו, איך האָב מיך וועניג געמוטשעט? אַקסעל, וויפֿיעל איז דער זייגער? (עפֿענט די טהיר לינקס, שרייט).

אַקסעל:

גנעסע, וויפֿיעל איז דער זייגער?

גנעסע (פֿון צימער):

דער זייגער איז שוין 70 מינוט אויף דרײַ.

פּײַוויש:

אוי, גייה שוין אין הערה אַרײַן, פֿערד!

אַקסעל:

ניטאָ קײַן 70 מינוט. כ'האָב אַליין קײַן צײַט ניט זיך אויסצו-לערנען אויף דעם זייגער.

פּײַוויש:

הערסט, ס'איז שוין נאָך 4 און די בעל-הבית'טע דײַנע איז נאָך ניטאָ. ווען זי פֿאָהרט אין שטאָדט אַרײַן ווערט זי פֿאַרפֿאַלען. אַזאַ הויז לאָזט מען איבער דער רוח ווייסט אויף וועמען. א ײַנבייש גנב איז דער בעל-הבית דאָ, אוי!

אַקסעל:

בעל-הבית, לאָזט אײַך ניט צו קײַן האַרץ-ווערטאָג, זי וועט מסתמא באַלד קומען. זי דאַרף דאָך זאַמען: ביים פּאָטשטמײַסטער געהן אין קאַזנאַטשײַסטוואָ נאָך געלד, מאַכען פּאָקופּקעס און אַנדערע קאָ-מיסיעס פֿירהרען. אַזאַ חאָזאיסטוואָ איז ניט אַזוי גרינג, ווי קיצלען זיך אונטער דער פּאַכווע.

פּײַוויש:

אוי, איך שטאַרב און קיינער האָט אויף מיר קײַן רחמנות ניט.

אקמעל:

דאָס איז ניט אַזוי. ווען איך זעה אייך, האָב איך צער בעלי חיים אויף אייך. און די בעל־הבית'טע, זי איז דאָך אַ מלאך, אַז זי שטעהט אויס פון אייך. שוין זיבען יאָהר, אַז זי האָט פון אייך נאָר מכות און צרות. גלאַט אַמאָל פאַרפיהרט זי זיך; אַ קליינינקייט, וויפיעל חלאַפּאָט זי טראָגט אויף איהר קאָפּ. זי איז אָבער אַ דאָבּראַיאַ דושאַ.

פייוויש:

יאָ, זי איז אַ גוטע, זעהר אַ גוטע. זי איז אַ בריה.

אקמעל:

אַ שוטקאַ, וויפיל זי האָט צו טהון מיט די פּאָסטאָווע פערד, מיט אייך, מיט נאָך נאַטשאַלסטוואָ! איהר געדענקט פאַר־אַ־יאָהרען, ס'איז ניט געווען מיט וועמען צו שיקען אַנ'עסטאַפעט — האָט זי זיך אַליין געזעצט רייטען אויף דעם בולאַנעם און 30 ווערסט, אָהן אַ זאַטעל און געקומען נאָך וואָזנעסענסק. האָפּ—האָפּ! קיינער אין דער וועלט קאָן זיך נישט פערינען צו האָבען אַזאַ ווייב, סיידען דער קייזער.

פייוויש:

ביזט גערעכט. איך ווייס. — אוי = און וואו איז בן־ציון?

אקריל:

בן־ציון איז נאָך נישט געגאַנגען פון חדר. דאָך האָט קיין פאַראיבעל נישט, איך מוז געהן טרייבען די בהמות צום ברונען. איהר שלאָפט בעסער, ווערט איהר נישט הערען, וואָס אייך טהוט וועה (געהט צום טהיר). (אַפּאַרט.). אַ מאַן ליעגט זיבען יאָהר. די בעל־הבית'טע ראָניע איז שטאַרקער פון אייזען, אַז זי פאַלט ניט פון די פיס. אַ געוויש. דאַכט זיך, אונזער העררע פריקאַשטשיק געהט. (געהט).

אויפטריט: אייביש, קומט איהם אנטקעגען.

אייביש:

וואָס טהוסטו דאָ?

אקסעל:

דער בעל-הבית.

איביש:

נישט דא ביים בעל-הבית, אין קאנישנע ביי די פערה = דארפסטו זיין.

אקסעל (אפארט):

ער מיט׳ן בעל-הבית איז, ווי צוויי קאטער׳ס אין איין זאק. (אב).

איביש:

מען דארף מאכען די וויעדעמאסטען פאר׳ן חודש (נעהמט א בוך זעצט זיך ביים טיש, שרייבט). נא-יאב-ריא- טשעט-ווארט-א דניא = (גנעסע קוקט אריין אין טהיר). טסט! רוק זיך צו צו מיר.

גנעסע (געהט אריין שטיל):

ער שלאפט נישט = דאכט זיך.

איביש:

שלאפט, ווי א געקיילעטער חזיר. קום אהער געשווינד צו = איך האב קיין צייט נישט — איך דארף שרייבען. (געהט צו צו איהר, קושט זי). (שרייבט). טשעט-ווער-טא-הא-דניא.

פייוויש:

פע! שייגעץ! פאסקודסטווא! אי, אי! (גנעסע לויפט אב פער-שעמט).

איביש (אפארט):

א קראנקער פערגינט נישט. (שרייבט). סטאנציע חלאב טשעווקא.

פייוויש:

א גרויסער פראגאן געוועזן דעם חודש. אוי, = א גרויסער פראגאן?

אײַביש (שרײַבט):

סטאַנציע סוסלאָווקע — פינף פערד, גענעראַל-מאַיאָר זאַוואַדין.

פײַוויש:

אַ גרױסער פראַגע גענען דעם חשש? (שװײַגט). איך פרעג דאָך דיר.

אײַביש:

אדרבא, פרעגט, פרעגט; װער לאָזט אײַך נישט? (שרײַבט). 3 פערד.

פײַוויש:

פאַרװאָס ענטפערסטו נישט?

אײַביש:

שמועסען מיט אײַך װעט אירר רופען אײער פרײַנד אַקסלען. איך האָב פײַנד צו אונטערהאַלטען זיך מיט קראַנקע. (שרײַבט). סטאַנציאַ סווינקיאַנאַ... (פויזע).

פײַוויש:

דערלאַנג מיר... אין טיש-קעסטעל ליגען פאַראַשקעס.

אײַביש (אַפּאַרט):

װעניג פאַראַשקעס האָט ער שוין אױפגעגעסען. (שרײַבט). איטאַהאַ — 3 פערד...

פײַוויש:

גיעב מיר אַ פאַראַשעק, זאָג איך.

אײַביש (אַפּאַרט):

אַ געזונדער װאָלט איך לאַנג געשטאַרבען, און אַזאַ חלי-רע קאָן לעבען, דער רוח װײסט װי לאַנג. (שרײַבט). סטאַנציאַ גור-נאָסאָװקאַ.

פייוויש:

אוי... וויפיעל איז דער זייגער?

אייביש:

דער זייגער? באלה (געדט), מען קאן דא קראנק ווערען פון דעם נודניק! איך וועל בעסער געהן זעהן, ווי מען טאנצט דארט א האפאק. (אין טהיר.) ער איז... יא, ווי א הונד, וואס ליעגט איפ'ן היי — אליין קאן ער עס נישט עסען — און אנאנדערען לאזט ער נישט צו. (אב.) (די טהיר בלייבט אפען, ס'הערט זיך זינגען און פייפען, ס'ווערט הונקעלער. נאכ'ן זינגען א גרויסער געלעכטער. דער קראנקער ווערט אונגעדולדיגער).

פייוויש:

גאט אין הימעל, ווען וועט שוין זיין אן'ענדע?

בן-ציון:

טאטע! ביזט אליין?

פייוויש:

וואס דען? די מאמע פאהרט אוועק און פערגעסט זיך.

בן-ציון:

וואס דען זאל זי טהון? איין מאל אין חודש מוז זי דאך פאהרען אין שטאדט אריין, מען דארף נעהמען געלד אין קאזנאטשייסטווא. ווערסט נעהמען א פאראשאק?

פייוויש:

איך וועל נעהמען א פאראשאק. (ס'הערט זיך א געלעכטער)! אוי, זיי מאכען מיך קראנק.

בן-ציון:

אז די מאמע איז נישטא מאכען זיי זיך משוגע. — אייביש טאנצט איך האט מיט די שיקסעס... דו ווייסט, טאטע, איך האב געזעהען, ער האט געגעבען סאלא מיט ברויט.

פייוויש (זעצט זיך אויף):

חזיר געגעסען? אוי, בן-ציון, דערצעהל עס דער מאמען...
ער איז א גרויסער הולטיי אנ'אויסגעלאסענער... א שלעכטער יונג.
וועסט נישט פערגעסען? למען-השם?

בן-ציון:

איך וועל נישט פערגעסען.

פייוויש:

און מיט די שיקסעס געטאנצט!... אוי... דערלאנג מיר, דארט
ליגט מיין סדור. איך וויל דאוונען מנחה. (מ'געשעהט).

גנעסע (אין די קוליסען):

זינג, זינג, אייביש!

שטימען:

פאזשאלוסטא — מיר בעטען.

אקסעל:

זינגט נאך — „אוי — נע — שום לושע זעלעני בארכאטישע".

אייביש:

(הוסט זיך אויס, פאנגט אן זינגען — אין דער זעלבער צייט
דאוונט פייוויש).

פייוויש:

אשרי יושבי ביתך עוד יהללוך סלה.

(אייביש ענדיגט זיין ליעד. ס'ווערט שטיל — דאן הערט זיך
א פאטשטש-גלעקעל).

בן-ציון:

אוי, די פאטשטא געהט! אפשר פאהרט עס די מאמע? (לויפט
צום פענסטער). (גנעסע לויפט אריין).

גנעסע:

אוי, מיינע לאָקשען! די בעל־הבית׳טע פאָהרט! (קאַטשעט שנעל).

איביש:

אונזער פּאָטשטאַרקע פאָהרט; מען דאַרף זיך נעהמען צו דער אַרבייט, ווי איך בין אַ יוד. (זעצט זיך שרייבט). איטאָהאָ — פערה..

בן־ציון (ביים פענסטער):

עס איז די מאַמע! די מאַמע! איך דערקען אונזער גלעקעל! (ס׳הערט זיך אַ וואָגען בלייבען שטעהן. גנעסע לויפט עפענען די טהיר. ראָניע ערשיינט, טראָגט אַ בורנוס, אַ מענערישען בעליך — גרויסע הענטשקעס — אויף די פיס וואַליקעס, דער קאָפּ פערבונדען מיט אַ שאַל, אַלעס פאַרשנייט. בן־ציון, גנעסע העלפען איהר אויסטהון. אַקסעל ברענגט אַריין צוויי זעק און אַ סאַקוואָיאַזש מיט פּאָקופּקעס).

אַקסעל:

איהר זעהט, וואָס פאַר אַ רוקאָוויצעס די בעל־הבית׳טע ראָניע האָט מיר געקויפט? ספּאַסיבאָ! (צייגט וואָלענע הענטשקעס).

ראָניע:

נו, וואָס מאַכען דאָ מיינע דערעווענסקע מענשען? (זעצט זיך). ער? שלעפּט אַראָב עמיצער פון מיר די וואָליקעס (אַקסעל און איביש וואַרפען זיך צו).

איביש:

גיה העלף אויספּאַנען און וועסט דורכפיהרען די פערד, זיי זענען פערשוויצט. (ער שלעפּט איהר אַרונטער די וואָליקעס).

אַקסעל (געהענדיג):

דו ביסט אויך צודיצט, מען דאַרף דיר אויך צודעקען מיט אַ פּאָפּאָנע. (אָב).

אייביש:

ווי קומט גאר צו א פאָטשטאַרקע, ווי איהר, אזא קליין פיסעל?

פייוויש (צוקוקענדיג דאָס):

אוי, רבונו של עולם! ווען וועל איך שוין שטאַרבען?

האַניע:

גנעסע, די בלעטעל לאָקשען לעג אַרויף אויף א קישען און די לאָקשענברעט טראָג אַרויס אין קאַמער... ע! אַמאַטאָרנע דיעווקאַ! (גנעהט צום בעט). נו, און וואָס מאכסטו מיין זאַפּאָראָזשעסקי קאָזאַק? האָסט גענומען די פּאָראָשקעס?

אייביש (זיס):

די פּייוויל׳ס פּאָראָשקעס ליגען דאָ אין טישקעסטעל. בן-ציון, ברענג דעם טאַטען א ביסעל וואַסער מיט א לעפעל. (בן-ציון אָב). גנעסע — די בעל-הבית׳טע וויל אפשר טהע — פון דער קעלט? דאַ? זעהר קאַלט?

(איפּטרייט בן-ציון מיט א לעפעל און וואַסער).

פייוויש:

אוי, לאָזט מיך שטאַרבען, איך בעט איך. (וויל נישט נעהמען דעם פּאָראָשאָק).

ראַניע:

נעהם א פּאָראָשאָק און מאַך נישט קיין שטוקעס. (גיט איהם מיט גוואַלד). האָט ער עפּעס געגעסען?

גנעסע:

ער וועט דען עסען, אז איהר זייט נישטאָ?

האַניע:

דערלאַנג איהם באַלה אַטעלער קוליש. (גנעסע אָב). מיר וועלען נאָך אַזוי גיך נישט עסען קיין וועטשערע... פייוויש, וואָס

זאָגסטו פֿאָרט צו אַזאַ אָקאַזיע: איך בין אומישנע אַראָבגעפֿאָדערט קיין ראַבאַשאָפּקע אין חוטאָר זעהן צו די 10 קלאַפּטער היי, וואָס ער האָט מיר פֿאַרקויפֿט. ווייס איך, זאָל ער חאָטש האָבען איין דעסיאַטין היי, אַבי ער האָט גענומען אַנאַדראָף.

## איציש:

איך וועל אייך זאָגען דעם אמת... איך וועל נישט לייקענען... ווי איך בין אַ יוד, בעל-הבית'טע ראָניע, — איהר האָט צופֿיעל דאָוועריע צו יעדען...

## ראָניע:

אַז מען האָט דאָווערי צו יעדען, האָט יעדער דאָווערי צו דיר. ריבאַשאָפּק האָט אָבער גוטע אויסיאַנע סאָלאָמע, איך האָב אַ סמיקע געטהון מיט'ן האַנד, אַ סך גרינע מישיעי... איציש, מען דאַרף מאָרגען פֿאַרטאָג אַרויסשיקען פֿינף האַרבעס — וואָרום, אַז נישט, בלייבט דער סקאָט חלילה אָהן קאָרם. אַ קלייניגקייט, וויפֿיעל קעסט-קינדער מיר האָבען קיין עין-הרע — 22 פֿערד, זעקס לאָשיקעס, פֿיער בהמות, זיבען קעלבלעך. — מען וועט מוזען די האָבער-שטרוי שניידען אין סעטשקע... בן-ציון, דיר מיין חלאָפּעץ האָב איך געקויפֿט רויטען קאַנדעל-צוקער, זאָלסט נישט הוסטען. (שלעפּט איהם צו, קושט איהם, גיט איהם קאַנדעל-צוקער).

## איציש:

און וואָס האָט איהר גאָר פֿערגעסען? איך האָב אייך געבעטען איהר זאָלט מיר קויפֿען צוויי פּעקלעך טאַבאַק פּאַפּאַנצאַפּאָלים, איך קאָן נישט רויכערען, אַז נישט פּאַפּאַנצאַפּאָלים—אַסמאָלאָוום.

## ראָניע:

טאַבאַק! עס ליגט מיר מעהר נישט אין זינען. (אויסטריט געגעסע מיט זופּ). און אָט איז געגעסע מיט'ן יויך. (זעצט זיך נעבען קראַנקען און גיט איהם מיט'ן לעפֿעל צו ביסלעך). איך האָב געקויפֿט אַ קוליאַק פּאַרקאָוועס, זעקס נייע חאָמאָטעס, אַכט שלייעס. עס, עס, קרים זיך נים ווי אַ קינפּעטאָרין, — אַ פּעקעל פּאַפּאָנעס, 4 פּאַר וואָשעס, און אַ טשערעזסעדעלניק פֿאַר דער אַרנאָקאָנקע.

אייביש:

ס'איז דא א פּרעדפּיסאניע פון הובערנסקי פּראוולעניע. (דער־לאַנגט איהם ביידע א פּאַקעט).

האַניע:

א פּרעדפּיסאניע? (שטעהט אויף). בן־ציון, נעהם האָרעווע דעם טאַטען. וואס שרייבט מען?

אייביש:

וואס מען שרייבט? מ'שרייבט, אז דער ארחירייע וועט פאָהרען איבער דער עפּאַרכיע, זאָל זיין 12 פערד גרייט. איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, דער רוח זאָל דאס נעהמען.

האַניע:

וואס ביזטו אזוי צודראַטשעט? אַנ'ארחירייע האט נישט חתונה און האט נישט קיין ארחירייכע... מען וועט דאַרפען אלע פערד איבערקאָווען, און געה הייס די יאמשטשיקעס מען זאָל געבען די פערד מיט א קאַרץ האַבער מעהר... גנעסע, דיר האב איך געקויפט רויטען קומאַטש אויף א ספּאָדניצע (נעהמט פון סאַקוואַיאַזש גיט איהר).

גנעסע:

א דאנק! (קושט זי). כ'וועל געהן ווייזען יאַוראַכען זאָב.

האַניע (צו אייביש):

און דו ביזט נעדאָוואָלנע? איך זאָג דיר, געה הייס געבען האַבער די פערד — און גיב א קוק אויפ'ן פורגאָן אין א יאַשטשיק אויפ'ן זאַדאַק ליגט פאַר דיר פיער פּאַצקעס טאַבאַק פּאָפּאָנצאָפּאָלע, און דיר פייוויש, און דיר בענצי, האב איך געקויפט וואַרעמע פלאַנעלע לייבלעך.

אייביש:

בעל־הבית'טע, איך וועל נישט לייקענען, איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, ווי איך בין א יוד, איהר זענט א משוגענע און איהר זענט

אַ גוטע... מען דאַרף אייך נאָר קאָנען צוטרעפען צום משוגעת... אין פּורגאָן איפּ'ן זאַדאַק? שוין! (אָב).

פּײַוויש:

אוי, ער איז אַ גרויסער שגץ... האָט שוין לאַנג געדאַרפט געהמען אַנאַנדערען אויף זיין אָרט.

ראָניע:

אפשר וועט אַנאַנדערער נאָך ערגער זיין? (זעצט זיך צום טיש, רעכענט אויף אַ שטשיאָט). פאַר באַקאַליע 24 רובל, פאַר שאַרנע סחורה 40 רובל... אַ — ס'פּליהען די קאַרבאָוניצעס.

פּײַוויש:

איך קאָן איהם נישט לײַדען דאָ אין שטוב.

ראָניע:

אַי, מאָראָטשע מיר נישט דעם קאָפּ, דו פערשלוגמט די פּאָמאָרקעס. (רעכענט). היאָהעט אַ פּעסעל — דרײַ רובל... סקיפּידאַר...

פּײַוויש:

ער טאַנצט דאָ מיט שיקסעס... בענצי, דערצעהל דער מאַמען...

ראָניע:

איך זאָל זיין אַ יונגער פּאָראָבאָק, וואָלט איך אפשר אויך געטאַנצט. וואָס אַרט מיך? זאָל ער זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנד... סקיפּידאַר און אָליעע...

בן־ציון:

מאַמע, איך האָב געזעהען ער האָט געגעסען סאַלע.

ראָניע:

דו נעהם דיין קניזשקע און לערען. (ס'געשעהט). דיאָהעט... סקיפּידאַר... יאָ, אַ האָלאָווקע צוקער. ער האָט געגעסען סאַלע, וועט ער עם אויף יענער וועלט אויסקרענקען.

פײװיש:

דו װילסט נישט זעהן, אױ, דו װילסט זײן בלינד.

דאָניע (בײז):

ליג און שװײג! די, די!... 16 קערבלעך...

פײװיש:

נישקשה, האָסט און זינען געהאַט איהם צו קױפען טאַבאַק.

דאָניע:

טאָ הערגע, סבאַמנוסיע, חאַ, חאַ! (געהט צו צו איהם רעדט גוט). נאַר, װאָס זאָל איך טהון, אַז איך בין אַ בעזגראַמאָטנע? אָהן איהם װעל איך האָבען זײן, װי אָהן אַ האַנד. װעניג מאַראָקע האָב איך געהאַט מיט איהם, הײנט זאָל איך אָנהױבען מיט אַ נײעם שטודירען, און די קאָניושנעס, בײ די פערד, מיט די יאַמשטשיקעס, און דאָס װאָס ער איז געװונה און קאָן געבען אַ יאַמשטשיק אַ שטורכנאַ, װאו מען דאַרף — איז איך אַ גרױסע מעלה (אַ געריש).

אױפטריט: אײבוש, אַקסעל, יאַמשטשיקעס.

אײבוש (הינטערט):

נו, טאַבאַק, שמעקט װי אתרוג-װאַרעניע, װי איך בין אַ בעל-הבית׳טע. װעט איהר געבען זשאַלאָװאַניע די יאַמשטשיקעס? זײ האָבען אױף איך שױן געװאַרט, װי אױדען אױף משיח׳ן...

דאָניע:

יאָ... האָט מען געפיהרט דאָ דעם באַלאַנעם צום קאָנאָװאַל?

אַקסעל:

מען האָט ניט געזאָגט, האָט מען נישט געפיהרט. ער פורסקעט און ניסט, טאַקי גוט קראַנק, אױף די פיס אַזעלכע גליעם, ניט פאַר אײך געדאַכט.

אײבוש:

אױ... איך װעל נישט לײקענען, װי איך בין אַ איד. איך האָב גאָר פערגעסען, אָבער שרעקט אײך נישט. דער פאָלאַװער

פיהלט זיך גאַנץ גוט, הלואי זאָל זיך דער בעל-הבית נישט ערגער פיהלען.

ראָניע:

האָספּאָדין פּריקאַשטשיק, איך האָב דאָס פיינד. דו זאָגסט דעם אמת און דער בולאַנער הינקט! לאָריאַן, דיין טרינקען קאָסט מיך געלט. ווען די פאָהרסט איז עפּעס אַ שקאָדאַ.

לאָריאַן:

ע-ה-ע!

ראָניע:

דאָ פערלירסטו אַ ראָלקע, דאָ צוברעכסטו די שטול-וואַגע...

אַקסעל:

איך האָב איין מאָל צובראָכען אַ שקוואַרק, האָט איהר מיך איך אָבגערעכענט. איך זאָל זיין אַ גוי, וואָלט איהר פאַר מיך מעהר דרך-ארץ געהאַט.

ראָניע:

לאָריאַן, אַז דו וועסט נישט אויפהערען, וועל איך דיך אַרויס-טרייבען.

לאָריאַן:

עהע!

ראָניע:

וואָס פאַר אַ עהע? פּאָשאָל וואָן! (טרייבט איהם אַרויס. חלאָפּצי, איך האָב אייך געקויפט אַ פוד סאַלאַ אין געזאַלצענע שטיקער, אַ פעסעל קאָנאָפּליאַנע אָליעע, פינף פוד הירש אויף קאַשע; איך זעה איהר זאָלט האָבען גוטען חאַרטש, און איך וויל איהר זאָלט אַרבייטען פאָ חאָזייסקי. (גיט יעדען געלד.)

פייוויש:

אוי... אַ נייטיגע זאַך, אַזוי פיעל געלד אויסגעבען.

אַקסעל:

מומע ראָניע, איך בין בײַ אײַך אױסגעוואַקסען... איך בין שױן אַזאַ גרױסער, און מײַן זשאַלאָוואַניע איז אַזאַ קלײַנע. דאָבאַוועט מיר פּאָזשאַלויסטאַ... איך דאַרף נישט דאָס געלד, נאָר זײַ ראַבעװען פֿון מיר...

פֿײַוויש:

הער אים נישט... וואָס דאַרף ער געלד אַזאַ גולם... אוי...

ראָניע:

אײַביש, שרײַב אים צו נאָך צוויי קערבלעך אַ חודש! גנעסע, גרייט צום טיש, מיר וועלען עסען וועטשערע. (גנעסע גרייט צום טיש). אָה... איך ווײס, וואָס איהר וואַרט, איהר ווילט מאַהאָריטש צו קעלישקעס האָרילקע? אײַביש, גיב זײַ פֿון דער טיווקע. מען הערט אַ גלעקעל).

אַקסעל:

אוי — אַ פּראָעזשאַיושצי! איהר וועט שוין נישט חלאַפּען פֿון דער טיווקע... צוחלאָפּעט דעם גאַנצען מאַהאָריטש (אַלע לויפען אָב).

אײַביש:

פּונקט ווען איהר דאַרפט געהן צום טיש... איהר עסט נישט אין דער צײַט... איהר טרינקט נישט... איהר שלאָפט נישט... אַ מאַן, וואָס האָט אַזאַ בריה אַ ווײַב, מעג רוהיג קרענקען. (רויכערט.)

ראָניע:

געה, זעה, ווער איז דאָרט! (מען הערט דאָס גלעקעל נעהנטער).

אײַביש (אַפּאַרט, זי זאָל הערען):

מען קאָן נישט אָבלײַקענען, עס איז אַ רוח, נישט קײן אידענע... דעם הונד קומט שטענדיג אין דער בעסטער ביסען. (עפענט די טהיר).

אויפטריט: אָפּיציר (קומט איהם אנטקעגען שכור).

אָפּיציר:

לאָשאַדי, זשידי!... ווי וואַגסטו צו רויבערען אין מיין געגענד-וואַרט? (שלאָגט איהם אַרוים דעם פּאַפּיראָס פון האַנד). פערד, שנעל.

ראָניע:

זיצט, האָספּאָדין אָפּיציר, און בערוהיגט אייך; פערד וועלען באַלד זיין. גלייך שפּאַנען.

איציש:

מען דאַרף זיך בעציטענס אָבטראָגען, ער קאָן געבען אין די ציינער אַריין, און גלייך טענה זיך מיט איהם נאָכדעם אוים, פאָרט אַ נאָטאָפּיציר. (הויבט אויף דעם פּאַפּיראָס און לויפט.) ער וועט באַלד נעהמען מוסטירעווען די פּאָצטאַרקע. (אָב).

אָפּיציר (קלאַפּט אין טיש):

לאָשאַדעי! לאָשאַדעי! אָגניאַ!

ראָניע:

איך בעט אייך, שרייט נישט.

אָפּיציר:

איך בין אַנ'אָפּיציר.

פייוויש:

ראָניע, לאָז איהם צו־רוה, ער איז אַנ'אָפּיציר„ אוי...

אָפּיציר:

וואָס זאָגט ער? וואָס האָט ער געזאָגט אָפּיציר?

ראָניע:

ער האָט עס גערעדט צו מיר.

אָפּיציר:

וואָס טהוט ער דאָ? ער איז קראַנק, עס שמעקט, ס'איז אַ זאַראַזאַ, נעהם איהם צו פון דאַנען, וואָן!

ראָניע:

ער איז אַ קראַנקער און איך האָב װינטער קײן אַנדערע צימער ניט פאַר איהם. איך בעט אײַך, זיצט רוהיג.

אָפיציר:

אין דעם צימער דאַרפען זײַן נאָר פּאַסאַזשירען, װאָן!

ראָניע:

איב אײַך געפעלט נישט, דאָרט ליגט די זשאַלאָבע בוך, איהר קאָנט אײַנשרײַבען אַ זשאַלאָבע.

אָפיציר:

איך װעל דיר אײַנשרײַבען אַ זשאַלאָבע מיט אַ נאַהײַקע אויפ'ן רוקען! לאָשאַדעי!!

ראָניע:

מען שפּאַנט, שרײַט נישט, — איך האָב פײַנד, װען מען שרײַט בײַ מיר אין שטוב.

אָפיציר:

זי האָט פײַנד! זשידאָװקאַ, מערזאַװקאַ! װאָן! װאַרף איהם אַרויס.

ראָניע:

װאַרפען סמײעט דאָ קײנער נישט!

אָפיציר:

איך סמײע ניט! איך? (לויפט צום קראַנקען), װאָן! װאָן! (שלעפּט איהם).

ראָניע (כאַפּט איהם בײַ דער האַנד, שלעפּט איהם צוריק):

איהר זיצט בעסער, האָספּאָדין אָפיציר, װאָרום איהר קאָנט הײַנט פערלירען אײַערע עפּאָלעטען. זיצט! (זעצט איהם אַנידער).

אָפיציר:

דו ביזט אַ פּאַדלאַיאַ טװאַר!

ראַניע:

אַך ראַטה איך נאָך אַמאָל דאָס נישט צו זאָגען!

אָפּיציר:

טי פּאָרלאַיאַ טוואַ... (ער ענדיגט נישט, ראָניע גיט איהם אַ הילכיגען פּאַטש; איי‌ביש קומט אין טהיר; בן-ציון ערשיינט דערשראָקען). מאַמע! מאַמע!

איי‌ביש:

וואַשע בלאַהאָראָדיע! די פערד זענען געשפּאַנט.

אָפּיציר (ווי פאַרווירט):

געשפּאַנט? איך... די חוסישע אַרמעע... די עהרע פון פּאָלק... אַ זשידאָווקאַ... באָזשע מאָי, באָזשע מאָי... (לויפט אָב).

פּיוויש (זעצט זיך אויף):

ראָניע, דיין כאַראַקטער וועט דיך אַמאָל אומגליקליך מאַכען... אוי... איך שטאַרב...

ראָניע:

גנעסע, דערלאַנג די וועטשערע. בענצי, האָסט זיך דערשראָקען? איך וועל דיר אָבגיסען אַ פּערפּעלעך. איי‌ביש, געה וואַש זיך. (גנעסע דערלאַנגט יעדען צום טיש).

איי‌ביש (וואַשט זיך, מאַכט המוציא):

המוציא לחם מן הארץ... חאַ, חאַ, חאַ! אַ פּאָהר אין פּאַק אַריין, טראַך! די גאַנצע פּאָכמעליע איז איהם אַרויסגעשפּרונגען פון קאָפּ! נאָך די שטערענדלעך זעהט מען, אַז ער איז שטאַבס-ראָטמיסטער... טראַך! חאַ, חאַ, חאַ! (לאַכט אַזוי, אַז ער קאָן נישט עסען. אַלע לאַכען). איך מיין וואָרט, איהר זענט פון די פרויען, פון וועלכע מען דערצעהלט, אַז ביי זיי איז אַ גאָרנישט צו פּאַטשען אַ פּאָליצמייסטער, שיסען אַ גובערנאַטאָר, שטעלען אַ פייג אַפילו דעם גרעסטען... באַך, און אַלע פינף פינגער, אָבגעפּוטשאַטשעוועט אויפ'ן

באַק! חאַ, חאַ! סיפּריליאָווניעם פּעצאַטי! איהר ווייסט דאָך: אַ פּראָסטען מוזשיק אָדער אַ יאַמשטשיק קאָן איך אַ נעהם טהון, אַז די ביינער זאָלען איהם טרעשטשען, אָבער אַנ׳אָפּיציר, אַ פּאָמיעשציק, אַ שטאַב-ראָטמיסטער... פּליאַסק! חאַ, חאַ, חאַ!

### ראָניע:

גנעסע, די הרעטשקע האָט געדאַרפט זיין אַ ביסעל מעהר צוגע-סמאַרזשעט — אָבער נישקשה... נו, דאַנקען גאָט, אָנגעשטאָפּט די קישקע. (געהט צום קראַנקען). נו, וואָס שווייגט עפּעס יונגער קלאָג-מוטער?

### פּייוויש:

איך וועל שוין גיך אַנטשוויגען ווערען אויף איביג.

ראָניע (זעצט זיך אויף אַ קליין בייגקעלע נעבען איהם):

דער דורנע! רעד נישט קיין נאַרישקייטען, וועסט זיך פּאָפּראַ-ווען. אין זומער, אם-ירצה-השם, וועלען מיר דיך אַוועקפיהרען אין אָרעם אויפ׳ן האַבוּשיבעיעווסקען לימאַן — וועסטו ווערען געזונד, ווי אַ חאַידאַמאַק!

### פּייוויש:

ניין, ניין, איך ווייס, די מיינסט עס גאָרנישט. (שטיל). עָה איז אַ געזונטער, אַז ער גיט אַ נעהם טרעשטשען די ביינער. אוי, אוי.

### ראָניע:

מאַראָטשע מיה נישט די האָלאָווע! (שטעהט אויף). גנעסע, וועסט אַנידערשטעלען די וואָליקעס אויף דער פּליטע, דער מאָראָזש זאָל אָבגעהן. (גנעסע אָב מיט די וואָליקעס).

### איזיביש (האָט אָבגעגעסען, בענשט):

הזן את העולם! (דערמאָנט זיך, שיסט אויס). באַיך! חאַ,חאַ, חאַ! אָבגעווישט די וואָנסעס און געמאַכט אַ שוויינ; וואָרום, אַז אַנ׳אָפּיציר קריגט אַ פּאַטש און מען דערוויסט זיך אין פּאָלק דוואָריאַנסקע — און נאָך פון אַנ׳אידענע! פּישי פּראָפּאַלאָ, חאַ, חאַ, חאַ! קנאַק!

רַאָניעֶ:

האָריע לאַכען! ציִנה אָן די לאַמטערן, איך וויל געהן זעהן וואָס טהוט זיך אין קאָניושניע.

אייביש (זוכט אויף די לאַמטערן, אַפּאַרט):

די ווערט קיינמאָל ניט מיעד. ווי איך בין אַ איד, אין איהם זיצט אַ גלגול!

פֿייוויש:

איך בעט דיך, ראָניע, בלייב דאָ מיט מיר. איך פֿיהל זיך שלעכט. וואָס דאַרפֿסטו איצט אין קאָניושניע?

רַאָניעֶ:

איך דאַרף געהן זעהן, צי שטעהען די פֿערד נישט אין נאַסען. מען דאַרף זיי אַלע נאַכט מאַכען אַ פּאָדסטילקע פֿון פֿרישע היי. מען דאַרף זעהן, צי האָבען זיי גענוג מישענקע אין די קאָריטעס; אַ קוק טהון אויפ'ן בולאַנעם, וואָס מאַכט ער. איך האָב מורא, ער האָט אַ טשעלטשוק, דאָס איז זעהר אַ פּאָלנע חולאת... מען דאַרף דעם גנענדאַי ניט צובינדען נעבען וואָראָנקע, וואָרום זיי בייסען זיך און בריקען זיך ביינאַכט. און אויפ'ן ראָהאַטען סקאָט דאַרף מען אויך אַ קוק טהון. די דייטשע בהמות זענען זעהר סקוואָלע. זיי האָבען מורא פֿאַר קעלט. געדענקסט, פֿאַר אַ יאָהרען איז ביי דעם דייטשקע צוגעפֿראָרען דער עק צום פּאָמאָסט... קום, אייביש, לאָמיך זעהן, וואָס פֿאַר אַ חאָזיאַאין דו ביזט. (וואַרפֿט אויף זיך אַרויף דעם פּעליץ).

אייביש:

איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, וואָס קאָן איך זיין דאָ פֿאַר אַ חאָזיאַאין, אַז קיין יאַמשטשיק האָט פֿאַר מיר נישט קיין אָוואַזשעניע! נישקשה, ווען איך זאָל טאַקי זיין אַ חאָזיאַאין... באַך! אין דער שטאַבס־אָפֿיציר מאַכט אי־אַי, אַי־אַי, חאַ־חאַ־חאַ! (ביידע אָב).

פֿייוויש:

ווי שטאַרק ער לאַכט! אוי... איך פֿיהל מיך זעהר שלעכט...

בן-ציון, קום אהער, מיין קינה... אז איך וועל שטארבען וויים איך— וועט מען דא גיך אן מיך פערגעסען ... איך בעט דיך, זאג אלע טאג קדיש נאך מיר... אי — עס וואלט געווען זעהר שעהן, דו זאלסט גיט פון סדור זאגען קדיש, זאלסט קאנען אויסוועניג... נעהם ארוים ביי מיר פון צוקאפונס דעם סדור... אוי... איך אליין וועל דיך לערנען קדיש זאגען (פיהלט זיך שלעכט).

בן-ציון:

אוי, טאטע, איך האב מורא, רעד נישט אזוי. (גיט איהם דעם סדור).

פייוויש:

האב נישט מורא, מיין קינה, איך וויים, איך וועל באלד שטארבען. אוי... (מישט אין סידור). זאג: יתגדל ויתקדש שמיה רבה...

בן-ציון:

(זאגט נאך).

פייוויש:

בעלמא די ברא כרעותיה (בן-ציון וויינט זאגענדיג) וימליך מלכותיה (נעהמט איהם ארום, וויינט). (פויזע). אט איז דער קדיש— זעהסט, נעהם דעם סדור צום טיש און לערן, און איך וועל הערען.

בן-ציון (זעצט זיך ביים טיש):

בעלמא די ברא כרעותיה, נימליך מלכותיה,

פייוויש:

אין די אויגען ווערט טונקעל... זי איז דארט... איך וועל אפנים באלד... מען דארף שיקען נאך מענשען — אהן ודוי אפילו.

אויפטריט: ראניע, פייגע, אקסעל (ברענגט א סנאפ שטרוי)

אקסעל:

מומע ראניע, איך דארף אייך עפעס זאגען... ע... א גרויסען ספאסיבא אייך, וואס איהר האט מיר צוויי קערבלעך נאכגעלאזט. איך וועל דאס געלה ביי אייך נישט נעהמען, וואס דארף איך

געלה? איך ווייס קיינמאל נישט, וויפיעל איך נעהם און וויפיעל מיר קומט, אָבער לכל הפחות זאָלען זיי וויסען, אַז איך בין ווי א נאַסטאָיאַשטשער יאַמשטשיק.

ראָניע:

חאָראָשאָ! וואָס איז, פייוויש, דו שלאָפסט? (געהט צו). וואָס איז מיט דיר? (דערשראָקען).

פייוויש (שטיל):

ראָניע, דו וועסט שוין באַלד גלויבען... עס קומט... איך בעט דיך... שווער מיר, דו וועסט מיט איהם נישט חתונה האָבען.

ראָניע:

אוי, רעה נישט, וועמען ליגט עס אין זינען אַזעלכע נאַרישקייטען? וועה איז מיר, דו פיהלסט זיך טאַקי שלעכט?

פייוויש:

ער וועט מאַכען אַ תל פון אונזער גאַנצער בעל-הבית'ישקייט. דו אַליין האָסט אַזוי פיעל יאָהרען געהאָרעוועט... האָב רחמנות אויף אונזער קינה — ער בלייבט נעבעך אַ יתום. (קאָנוואולסיע).

בן-ציון (מיט'ן קאָפּ און בײדע הענט אין סדור):
בעלמא די ברא כרעותיה...

ראָניע:

דאַר אוים... דו ליגסט נישט גוט... (לעגט איהם בעסער). זאָל איך אפשר שיקען אין וואָזנעסענסק נאָך אַ דאָקטאָר?

אַקסעל:

בעל-הבית, פעטער, ה' פייוויש. נאָך וואָס דאַרפט איהר שרעקען דער משמע ראָניע?

פייוויש:

נאָך אַ דאָקטאָר איז שפעט... שיק רופען מיין שוועסטער

און מיין שוואָגער... אַקסעל, קום אַהער; די ביזט דאָך פאָרט אַ איד, זיי אַנ׳עדות... ראָניע, לאָז מיך שטאַרבען רוהיג, שווער מיר, אַז דו וועסט פאַר איהם נישט חתונה האָבען... גיב מיר אַ שבועה...

אַקסעל (ווינקט צו איהר און מאַכט מיט׳ן האַנד):

טהוט איהם אַ גמילות חסד, וואָס אַרט אייך?

ראָניע:

איך וועל דיר געבען אפילו צעהן שבועות, די דורגע, וואָס איז דיר איינגעפאַלען?

פייוויש:

גיב מיר די האַנד... געדענק, ס׳איז אַ תקיעת-כף.

ראָניע:

זאָל זיין די האַנד, זאָל זיין אַ תקיעת-כף, אבי בערוהיג דיך... (גיט איהם די האַנד).

פייוויש:

אַקסעל, זיי אַנ׳עדות, אַ תקיעת-כף.

אַקסעל:

אוי, מומע ראָניע, איך האָב מורא, ס׳איז ניט גוט.

פייוויש:

איצט... איז... איין... ענדע... (גוסס׳ט). בן-ציון זאָג איך,

בן-ציון (הערט נישט):

איך וועל זאָגען נאָך אַ מאָל פון אָנהויב. יתגדל ויתקדש שמיה רבה א. אַ. וו. (פייוויש גוסס׳ט).

ראָניע:

אַקסעל, געשווינד, שפאַן פערד, נאָך אַ דאָקטאָר! לויפט נאָך מענשען! הופט אַהער פויגען מיט לייבישען... בן-ציון, וועה

איז מיר! דער טאטע! וועה! (בן-ציון לויפט צו צום בעט). וועה קינה, דער טאטע שטארבט... פייוויש, גאט איז מיט דיר, וואס טהוסטו? איך וועמען לאזטו אונז איבער? מיט וועמען וועלען מיר בלייבען? איך וויל נישט! (שרייט איבער זיין קערפער, בן-ציון שרייט, טאטעניו; אקסעל ווישט די אויגען).

אויפטריט: אייביש (מיט א לאמטערן אויפ'ן שוועל).



# צווייטער אקט.

דאָס זעלבע צימער ווי אין ערשטען אקט, אָהן דעם בעט, רעכטס — א קאמאָד, דארויף א קעסטעל זאמד מיט א ברענענדעם יאָהר־צייט־ליכט. בן־ציון זיצט ביים טיש, מאכט מיט א פענע ליניעס אויפ'ן פאפיר. אקסעל זיצט אויף דער ערד, נעבען א בענקעל און פלעכט פון רימענטלעך א בייטש, זינגט שטיל א מאלאָרוסיש ליעד.

אַקסעל (זינגט):

אָ, לעטיט באָמבאַ איז מאָסקאָווסקאַהאָ פּאָליאַ,
טאָי פּרעדי יאַטש, אופּאַלאַ
אָי — האָט פּראָפּאַלאַ קאָזאַצקאַיאַ וואָליאַ!
טאַק ניע פּראָפּאַלאַ סלאַוואַ.

בן־ציון:

אַקסעל, וואָס מהוסטו דאָס?

אַקסעל:

איך פלעכט א נייעם בייטש... בן־ציון, דו זאָגסט היינט קדיש נאָכ'ן טאטען „עליו השלום“ צום לעצטען מאָל?

בן־ציון:

נאָ, נאָך איין מאָל היינט צו מנחה. עס איז מיין ערשטער יאָהר־צייט.

אַקסעל:

די מומע ראָניע איז פון שוהל אוועקגעפאָהרען אויפ'ן בית־עולם, מען שטעלט היינט א מצבה דעם בעל־הבית, דיר צו לאַנגע יאָהר.

בן־ציון:

יאָ, איך ווייס. — מיך האָט די מאמע נישט געוואָלט מיטנעהמען, ווייל ס'איז זעהר קאַלט. (קוקט אויפ'ן ליכט). אַקסעל, זאג

ס'איז אַנ'אמת, ווען די יאָהר־צייט־ליכט ברענט דאָ איז אויך די נשמה פון דעם געשטאָרבענעם דאָ?

אַקסעל:

פון וואַנען זאָל איך וויסען אַזעלכע דינים? איך בין ניט קיין שטודירטער, איך האָב צוויי זמנים געלערנט אין חדר און שוין געענדיגט מיין קורס אויסשעניע... איך קוק אהין אין ווינקעל און טראַכט, ווי לאַנג, דאַכט זיך, איז דאָרט געשטאַנען אַ בעט, און אין בעט איז געלעגען אַ מענש, און אין מענש געלעבט אַ נשמה, היינט שוין דער מענש ניטאָ. און אַז דאָס ליכט וועט זיך פאַרלעשען וועט זיין נשמה שוין אויך דאָ נישט זיין מעהר... איך מיין, עס איז נישט אמת... אַז מען שטאַרבט לעבט מען שוין נישט מעהר אָהן תחית המתים (פאַרטראַכט זיך).

בן־ציון:

אַקסעל, איך האָב דיך געוואָלט עפּיס פרעגען, נאָר דו זאָלסט אָבער קיינעם נישט דערצעהלען.

אַקסעל:

אַז איך וויל, איז ביי מיר אַ שלאָס אויפ'ן מויל. אַ קאָזאָקעס פּעטשאַט אויף די ליפּען.

בן־ציון:

לאָריאַן האָט מיר דערצעהלט, אַז די מאַמע וויל חתונה האָבען מיט אייביש'ען... אוי, בעסער זאָל איך פריהער שטאַרבען.

אַקסעל:

עֶ, אייביש בערימט זיך אמשר, אָבער די בעל־הבית'טע, ראָניע די פּאָטשטאַרקע, טראַכט גאָר ניט פון אַזעלכע זאַכען, ס'ליגט איהר אפילו נישט אין דער לינקער פּיאַטע. זי איז ניט ווי אַנדערע ווייבער, וואָס ווילבאַלד נאָר... עֶ, ווי לאַנג קרענקט אייביש קאָלאָידאָ! (גיען הערט אייביש'ען זינגען).

בן־ציון:

אהאַ — ער גערט אהער — איך האָב איהם פיינד — און ער האָט מיך אויך זעהר פיינד. (אָב).

אַקסעל:

די יאַמשטשיקעס זאָגען!... הע, גוים ווייסען נישט קיין חכמות, זיי זעהען אַ בעל־הבית׳טע אַנ׳אַלמנה און אַ זכה אין איין שטוב.... בררררס, בררררס!

אויפטריט: אייביש (אַביסעל פּראַנטעוואַטע געקליידעט)

אייביש:

דו ביזט דאָ, אַקסעל! דו ביזט אַ מאָלאָדיעץ, דו געפינסט זיך שטענדיג עפּעס אַנ׳אַרבייט. איך וועל נישט לייקענען, איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, ווי איך בין אַ איד, איך ווייס נישט פאַר וואָס, נאָר דיך רעכען איך עפּעס, ווי אַנ׳אייגענעם. עס איז אַ פּנים דער־פאַר, וואָס מיר ביידע זענען דאָך אידען!

אַקסעל:

געפונען אַ אידען! מיך געהמען מיט אידישקייט, איז אַזוי, ווי מען זאָל אַ געבראָטענעם חזיר טונקען אין חרוסת.

אייביש:

זיי האַלטען דיך אַלע פאַר אַ אידיאָט און דו רעדסט אַמאָל זעהר צו דער זאַך. מיך פערדריסט, וואָס איך פּלעג פון דיר אויך אַמאָל חוזק מאַכען.

אַקסעל:

דאָס אַרט מיך נישט. איהר מיינט, אַז מען מאַכט פון מיר חוזק טרוט מיר דערפון דער בויך וועה? ע!

אייביש:

אַקסעל! וועסט מיך פאָלגען אַ גאַנג, איך האָב פערגעסען אין אַמבאַר מיין טאַבאַטשניצע...

אַקסעל:

אָך, בכבלי ברזל, מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען. אַ נאַטשאַלניק דאַרף מען פאָלגען. איהר זענט אונזער נאַטשאַלסטווא! (אַפּאַרט). וואַשקע בלאַהאָראָדיע, סוויני ווי האָראָד! (אָב).

איזביש:

איך ווייס, אז דער אידיאָט האָט דאָ אין שטוב אַ דעה, און ביז אַ געוויסער צייט, מוז איך מיט אידם אויך זיין אַ גוטער ברודער. ער איז דער בעל-הבית'טע אַ הונד, און דער בעל-הבית'טעס אַ הונד דאַרף מען גלעטען איבער דער מאָרדע. יאָ, אַנדערע מענשען פּרובירען: דער האַנדעלט מיט פאַלשע סיגנאַציעס, דער גנב'עט אַקציעס, דער נאַרט אוים נדן, דער מאַכט באַנקראָט, איך וועל אויך פּרובירען, יאָ! ווי איך בין אַ איד, איך האָב זיך שוין גענוג געוואַלגערט. בין שוין געווען אַ לערן-אינגעל ביי אַ פאַרבער, אַ פּאָד-נאָסטשיק אין אַ קאַבאַק, אַ פּראַבאַגשטשיק און אַ פּיסאר אין וואָיענע שלוזבע, אַ קולאַטשניק ביי תבואה, אַ באַרישניק ביים סקאָט. — שוין צייט חתונה צו האָבען און ווערען אַ שטיקעל בעל-הבית... איך האָב דאָ אָנגעטראָפען אויף אַ האַרט ניסעל, אָבער טשאָרט וואָזמי, איך וועל עס צוקנאַקען. (אַ קלאַפּ אין טיש). אָדער צווישען געגערעאַלען, אָדער פערפאַלען! חע, חע, איינעם מאַכען בריטשקעס מיט פערד פאַר אַ פּאָטשטאַר, דעם אַנדערען קאָן אַ פּאָטשטאַרקע מאַכען פאַר אַ פּאָטשטאַר. ע! (ווערט פרעהליך, זעצט זיך צום טיש שרייבען און זינגט פּיאַנאָ „אוי, ניע האַראַשע קאָזאַטשענקאָ"....)

אויפטריט: גנעסע:

גנעסע:

אַז דו זינגסט, איזביש, ציהט עס מיך, ווי אַ מאַגנעט.

איזביש (אַפּאַרט):

ווען עם דאַרף ציהען, ציהט עס נישט. (לויט). גנעסע, איך האָב זיך געוואָלט בעטען, דו זאָלסט מיט מיר איצט זיין אַזוי ווי פון דערווייטען, אַזוי ווי ברוגז... דו ביזט אַ קלוגע, אַ גוטע און פער-שטעהסט—אַז איך בעט ממתמא דאַרף אַזוי צו זיין... און אַז דו ווערסט מיך פאָלגען ווערסט זעהען שפּעטער... אַי — שפּעטער, ווי איך בין אַ איד... (אומאַרמט זי).

אויפטריט: אַקסעל (מיט דער טאַבאַטשניצע).

אַקסעל (ניסט):

אוי, איז פּאָפּאָנצאָפּאָלים טאַבאַק שטאַרק, (גיט אידם). גנעסע,

דער האָספּאָדין פּריקאַזשטשיק געפעלט דיר אַ פּנים, ווייל ער רויכערט שטאַרקען טאַבאַק?

גנעסע:

אַ שטאַרקער מענש, רויכערט שטאַרקען טאַבאַק.

אַקסעל:

אַזוי? אַט בין איך שטאַרק און רויכער גאַר ניט! שטאַרק? דע! אַז דער האָספּאָדין פּריקאַזשטשיק זאָל זיך וועלען מיט מיר פּאַבאָרען, וואָלטען זיינע זאַדניצעס אַלואַסקע געטהון אין דער סטעליע... מיין ניט, אַז ס'איז דאָ נאָר איין זכר אין מאָסקווע.

איציש:

ווער איז דער זכר, דו, אַקסעל? (נעהמט זיין האַנד, טרייסעלט שטאַרק).

אַקסעל:

איהר סמיקעט — איך ווייס — סמיקען זענט איהר אַ גבריח, אָבער פּרובט פּאַבאָרען זיך מיט מיר, עהע! פאַר גנעסע זענט איהר אַ גבור.

איציש:

בולוואַן! אַז איך וועל דיר געבען אַ שליידער, וועט זיך ביי דיר אָבדייסען דער לונג און לעבער... הויב זיך בעסער ניט אָן.

אַקסעל:

האָספּאָדין פּריקאַשציק, חוואַסטעט ניט צופיעל פאַר גנעסען. לאַריאָן קאָן מיך ניט פּאַבאָרען, מאַקסימען האָב איך צוויי מאָל פּאַבאָרעט, נאָר סטיצקאַ, אַמאָל גיט ער מיך אַ מאָרדעווע צו דהערד, אַמאָל גיב איך איהם אַ מאָרדעווע... אדרבא, קומט, לאָמיר פּרובירען, דערפון קאָן קיינעם חלילה גאָר נישט זיין, דאָס איז דאָך אַ שוטקע.

איציש:

איך וועל דיר ווייזען אַ שוטקע, דו חאַמולע! דו וועסט נאָכדעם ניט קאָנען איבערצעהלען דיינע ריפּען. וויפיעל ריפּען האָסטו? (שטעלט זיך אין אַ פּאָזע).

אַקסעל:

אִיהר דאַרפט מיך נישט שטראַפען, איך האָב שוין געהאַט אַנאיבערגעבראָכענע ריפ אויך. (שטעלט זיך ענטקעגען אִידם אִין אַ פּאָזע).

איזביש:

זעה נור, חכם מיינער, זאָלסט נאָכדער קיין חרטה נישט האָבען.

אַקסעל:

חרטה האָט אַ נאַר — איך בין פון די חכמים.

גנעסע (אין טהיר):

העָ, חלאָפצי, אַקסעל באָרעט זיך מיט איזביש'ען.

אויפטריט: יאַמשטשיקעס.

אַלע:

אַנו, אַנו, מיר וועלען זעהען!

איזביש:

אַקסעל וויל צוליעב גנעסען פערליערען די ציין אויפ'ן פּאָל.

אַקסעל:

יאָ, איך וועל ציינען גנעסען, אַז איך בין אויך אַ פּאַראָבאָק. פאַר וואָס נישט, העָ? דער האָספּאָדין פּריקאַשציק האָט מוראָ איך זאָל אִידם נישט צוקנייטשען זיין מאַנישקע. (אַלע לאַכען).

איזביש (וואַרפט זיין היטעל און ראָק אויפ'ן פּאָל — אַקסעל דאָסועלבע)

איך וועל דיר אַלע ביינער צוקנייטשען און צוריק אויס־ברעכען. (נעהמען זיך אַרום).

אַלע:

אַנו — אַנו — טאַק — טאַק!

אַקסעל (באָרעט אִידם):

זעהט איך זאָל אייך נישט צורייסען דעם אָטשקוּה פון אייערע פּאַנסקע פּלאָדערען (אַלע לאַכען).

איציביש (באָרעט איהם):

זעה, איך זאָל דיר נישט צורייסען אויף צווייען דעם אידיאָט דיינעם. האַלט זיך מיט די הענד פאַר דער ערד, וואָרום דו וועסט פאַלען. (גיט איהם אַ שטאַרקען שליידער, פאַלט שיער. חאַפּען זיך אַרום נאָך שטאַרקער, אַלע שרייען און רייצען זיך, קעמפפען אַזוי לאַנג, ביז ענדליך וואַרפט איציביש אַקסלען צו דרערד).

אַלע:

בראַוואָ! מאַלאָהיעץ! (קעמפפען אויף דר'ערד. אַקסעל וויל זיך באַפרייען).

אויפטריט: ראָניע, אונבעמערקט, אין שווארצע קליידער, מאכט צורעכט דאָס יאָהר-צייט ליכט, — טרויעריג.

אַקסעל (בעמערקט זי):

אַי — לאָזט אָב. די חאָזאַיקע!

איציביש (מאַכט זיך ניט הערענדיג):

ערע, די חאָזאַיקע — דורקי, בראַט! אין מיינע אייזערנע הענד, מוז זיך יעדערער צאַפּלען.

אַלע (נעהמען אַראָב די היטלען פאַר איהר).

ראָניע:

הם... געזונד, ווי אייזען!

אַקסעל:

האָספּאָדין פּריקאַשציק — האָדיע = גענוג! איך זאָג נייך די חאָזאַיקע!

איציביש:

די חאָזאַיקע איז צוגעוועהנט געוואָרען צו אַ קראַנקען מאַן, און זי ווייס נישט, וואָס אַ געזונטער מאַנזביל איז, דו אָבער וועסט שוין וויסען.

ראָניע:

חלאָפּצי! (ביידע חאַפּען זיך אויף, די יאַמשטשיקעס לאַזען).

חלאַפּצי, אַ גאַנצער וואָראָק מיט פּאָלאָווע פּרעיעט אויפ'ן טאָק, — איך האָב אַייך פיעל מאָל געבעטען, טראָגט אַריין די פּאָלאָווע אין קלייניע!

אַלע:

זאַראַז — האָזאַיקע — זאַראַז! (פויערען אָב).

אַקסעל:

דער האָספּאָדין פּריקאַזטשיק איז געזונד, ווי אַנ'אויווען. (הייבט אויף זיין היטעל, געהט הינקענדיג אָב).

ראָניע:

גנעסע, נאַהעריי דעם סאַמאָוואַר! (גנעסע אָב).

איביש:

איהר דאַרפט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט האָבען, ווי איך בין אַ איד, איך האָב ניט געוואוסט, אַז איהר וועט אַזוי גיך קומען, האָבען מיר זיך אַ ביסעל פאַבאַלעוועט.

האָניע:

צע פּוסטיאַשנע דעלאָ! אַז מען איז יונג און געזונד ווילט זיך אַ מאָל אַ שטיף טהון. אָ, אַז די וועסט האָבען אַ זשורבאַ אויפ'ן קאָפּ, וועסטו נישט פּאַבריקעווען ווי אַ לאָשעק. (פערטראַכט זיך).

איביש (זיס):

אמת, איך וועל נישט לייקענען... וואָס דאַרף איך זיך איצט פידרען ווי אַ סטאַטעק, איך בין דאָך נישט מעהר, ווי אַ משרת. אָבער מען זאָל דאַרפען, ווייס איך שוין בעסער פון אַנ'אַנדערען, ווי מען דאַרף זיך פידרען, ווי אַ מענש.

האָניע (הערט נישט):

נו, האָב איך שוין געשעלט אויף זיין קבר אַ מצבה... אַז דער קאַלטער קאַמיען האָט איהם נאָך ניט צוקוועטשט האָב איך ניט געפיהלט, אַז אַלעס צווישען אונז איז געענדיגט... אַנ'אומגליקליכער געבען געוועזען. אַ גאַנצען לעבען האָט ער זיך געמוטשעט.

אייביש:

ניט גאָר זיך, ער האָט אויך אַנדערע געמוטשעט, און פֿערגיפֿטעט דאָס לעבען פֿון די, וואָס... ווירקליך... מען קאָן זאָגען...

ראָניע:

ניין, ברודער! דאָס האָסטו נישט געטראָפֿען! אַז מען ליידעט און מען שטאַרבט פֿון אַ געזונטען לאַדאַק איז דאָס אַ מוטשעניע, אָבער פֿון אַ קראַנקען און שוואַכען שטאַרבען איז נישט שווער, ווייל — אויב דיר איז ניט אַרויסגעקראָכען — זעהסטו דאָך, אַז ער איז געבליבען נישט שולדיג, איהם טהוט וועה. (זוכט אין קאַמאָדע איבער דאָ די וועקסלען, איך מיין, אַז איבערמאָרגען איז דער טראַק פֿון סוטעראַנקעס וועקסעל... אוי, ס'איז אַן אומגליק, אַז מען איז אַ בלינדער, איך ווייס ניט, וועלכער איז אויף הונדערט און וועלכער אויף 50... אומגליקליך איז די זשענשטשינע, וועלכע מען האָט נישט געלערנט. (גיט איהם די וועקסלען, ער לעגט זיי אויפ'ן טיש).

אייביש:

און איך זאָג אייך, אַז פֿיעל פֿון די מאַמזעלען, וואָס האָבען זיך געבילדעט אין פּענסיאָנען מיט אַקאַדעמיעס, פֿערשטעהען נישט וויפֿיעל אייער לינקע פּאַדמיאָטקע.

ראָניע:

אַ נו, קוק אַקאָרשט איבער די וועקסלען.

אייביש:

בעל־הבית'טע איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, די וועקסלען וועט אייך שוין אַנ'אַנדערער איבערזעהן... איך וויל אייך בעטען, מיר זאָלען זיך אָפּרעכענען וויפֿיעל מיר קומט און... איך וויל אַוועקגעהן פֿון אייך, איך קאָן דאָ מעהר נישט בלייבען.

ראָניע (ערשטוינט):

וואָס הייסט, די וועסט אַוועקגעהן? טי סקאַמינוסיאַ הורגע! ווי קאָן איך איצט בלייבען אַליין? איך בין נאָך משוגע געוואָרען און האָב צו דער קאַזיאָנער פּאָטשט צוגענומען די זעמסקע פּאָטשט.

אויך, און אזא גרויסע הויזעמע דארף צו קויפען נאך 10 פערד, אלע טאג בימאהעס, פרעדפיסאניעס, לןחא-הא אדינא. זינד ער, עליו-השלום, איז געשטארבען גערט ביי מיר דער קאפ חאדאראם...

אייביש:

נישקשה, איהר וועט געפינען אנאנדערען, וועלכער וועט נאך אפשר זיין בעסער פאר מיר. ווי זאגט דער גוי, זאל נאר זיין א פערד, א רייטער וועט זיך שוין געפינען. איך קאן דא מעהר נישט בלייבען.

ראניע:

געה זוך איצט אנאנדערען! א כפאסיבא דעם באטקא דיינעם פאר אזא עצה... די וועדויע נישט! ווילסט איך זאל דיר נאבצוועץ זשאלאוואניע? נו, ווי זאגט די פאסלאוויצע: א הונדערטער איז קיין געלד און א מוזשיק איז נישט קיין ברודער.

אייביש:

דער פונקט איז נישט אין דעם געהאלט... אבער — איך קאן דא נישט בלייבען... איך וועל נישט לייקענען — אמת — ווי איך בין א איד — איך בין נישט קיין מלאך — און עס קאן זיין — אז איך טראכט טאקי אפשר פון דעם, וואס — איהר פערשטעהט. — איין שטוב מיט א יונגער אלמנה — כאליע וואס? וועמענס עסק איז צו וויסען, וואס איך טראכט? אבער איך וויל נישט מען זאל לאכען פון מיר און זאגען יאקבע איך וויל ווערען א פאטשטער — און פאר אייך איז דאס אויך נישט שעהן...

ראניע:

פאר מיר דארפסטו זיך נישט זארגען... איך האב נישט מורא פאר אזעלכע זאכען, און דיר וועל איך זאגען אפען, אזוי ווי אויף דער דאלאניע, מיר דארפען זיך נישט שפיעלען אין זשמורקעס... ברודער, ווערען א פאטשטער אהן דער פאטשטארקע קאנסטו נישט, און די פאטשטארקע האט שוין פערשפיעלט איהר וועלטיל; צו שפעט ברודער... עה, צו שפעט! און... ווי... ווי קום איך צו וויסען, וואס קאבאניע מיט ליובאווגע איז? אז ס'איז שוין יא געקומען צו רעדה, מעג איך דיר זאגען, איך דער, אז די רעדסט אנאנדערם

מאָל, ווי אַ הערצגעטריבענער מאַזורעק, איך הער, ווי גוט די זינגט האָכלאַצקע פּעסניעס, איך זעה, אַז די בּיזט אַ געזונטער קעלבּאַס. אַ רוח אין דיין האַרץ אַריין, אָבער... אַ חויץ דאָרט אַלע זאַכען, עס איז גאַנץ איבעריג צו באַלאַקען און צו שמועסען. איין וואָרט, איך טאָר ניט... גאָט אין הימעל האָט געהערט און געזעהען, און ער ווייסט, אַז איך טאָר ניט — און האַדיע רעדען דערפון, פּאָלג מיך, איך וועל דיר נאַבאַוען זשאַלאָוואַניע, וועסט אָנקלייבען ביי מיר אַ פולען פּאַמאַנעק מיט געלד, און וועסט נאָכדעם קריגען אזי אַ פּאָטשטע, אזי אַ יונגע פּאָטשטאַרקע און אַלע 7 זאַכען.

אייביש:

איהר מיינט, איהר זענט אַלט, און איך מיין פערקעהרט... ווי איך בּין אַ איד, דוקא פערקעהרט. דאַנקען גאָט, איך בּין שוין נישט קיין אינגעל, ביי וועלכען אַ שעהן פּני'צעל פון אַ יונגע נאַרישע מיידעל איז אַ גאַנצע מציאה. איך קוק און געשעפט אַריין... אַ פרוי — אַ קלוגע, אַ בּריה, און דעם אמת געזאָגט, אַ רייכע אויך דאַצו — וואָס דאַרף מען נאָך? אַ מכה? אַי — וואָס איך בּין דאָרט מיט פינף אָדער מיט אַכט יאָהר איננער, אַפילו קיין צובראָכענעם פּיאַטאַק איז דאָס אויך נישט ווערט.

ראָניע:

דו מיינסט דוקא פערקעהרט... הם!... הער=זשע, וואָס איך וועל דיר זאָגען, געה און זעה, וואָס טהוען די פערד אין קאָניושניע.

אייביש:

איך וויים... די פערד ליעגען אייך מעהר אין זינען... איך בעט אייך — גרייט מיר צו דעם ראַשטשאָט, איך וועל נאָך היינט ביי-נאַכט אָבפאָהרען מיט אַנ'אַבּראַטקע. (גערט, אַפּאַרט). איך האָב, דאַכט זיך, אויסגעשאָסען אַלע פּאָטבעס, און דעם קרעפּאָסט נישט איינ-גענומען. עס איז אַ רוח נישט קיין אידענע! (אָב).

ראָניע:

די זעמסקע פּאָטשטע איז מיר גאָר אַ נייע מאָראָקע... (גערט צו דער קאָמאַנדע זאָלט עפּעס). וואָס זעה איך? ווידער פערגעסען. אַמאָל פליעג איך די גאַנצע האָזאַיסטווע ביז יעדער פּיצעלע האָבּען אין קאָפּ...

איצט איז ביי מיר אין קאפ, ווי א מאטעליצע. אוי, ריניע, ראניע! סכאמיניסיע! (בלייבט זיצען פארטראכט). עס מאכט זיך אין אָסיען — די שווארצע חמארעס געהען אוועק און עס קומט אן א שעהנע, ווארעמע פאהאדע, אבער וואס? עס איז דאך אסיען, באלד וועלען קומען פינעס מיט זאווערוכעס... (געהט צום שפיגעל און קוקט אריין). פון זיך אליין האב איך קיינמאל ניט געטראכט, און אז מען לעבט נאר איין מאל אויף דער וועלט — האב איך ביז איצט גאר קיינמאל ניט געדענקט... פארוואס קומען מיר איצט אזעלכע חמקעס? עס ווילט זיך לעבען, הא?... ראניע'צע, דורנא! (קוקט אין שפיעגעל. א גערויש. שפרינגט אב).

אויפטריט: אקסעל (טראגט אין הינטעל עטליכע אייער).

אקסעל:

מוהמע ראניע! איהר זעהט, וואס איך האב געפונען אין די ראסלעס? איך האב אבער געהערט, ווי די היהנער האבען געקוואָדאָ-קעט... אז מען נעהמט ניט צו באלד, טרינקט זיי אויס ריי... אזא הונד, ווי ריאבקא, האט אויך ליעב א גאגאל-מאגעל פון פרישע אייער. (לעגט זיי אויפ'ן טיש, טהוט אן די ...).

ראניע:

די האסט א חאזאיסקע אויג, אקסעל, אויף דיר מעג מען זיך פערלאזען, ווי אויף אנ'אייגענעם! (פויזע). הער, איך האב דיך געוואלט פרעגען: ווי מיינסטו — אייביש?

אקסעל:

א געזונטער יונגאטש, אבער א גרויסער חאלאמודניק (שנייצט אב דאס יאהר-צייט-ליכט מיט די פינגער, ברידהט זיך אב). אוי... אפילו נאכ'ן טויט וויל דער בעל הבית עפעס טהון אקעגען א פאקאסט; זאל ער מיר מוחל זיין, געווען א הארטער מענש.

ראניע:

אקסעל, די געדענקסט, ווען ער איז געשטארבען, ע!

אקסעל:

יא! פונקט פאר א יאהרען ביי-נאכט!

ראָניע:

איך מיין... געדענקסט, וואס ער האט מיר געזאגט?

אקסעל:

איך ווייס ניט — און וואס פאר א פרעדמעט מיינט איהר?

ראָניע:

געדענקסט ניט? ער האט געזאגט: גיב מיר א שבועה, א תקיעת־כף?

אקסעל:

אה — בע! ער זאגט גיב מיר א שבועה, — זאג איך — בעל־הבית'טע, וואס ארט אייך, גיט איהם א שבועה — עס איז געווען פרימערנא, ווי א שוטקע — פאר'ן טויט זאל ער זיך אבטשעפען!

ראָניע (שטארק פעראינטערעסירט):

דו מיינסט אויך עס איז געווען אזוי, נאר אבי אוספאקאיען זיין סאוועסט?

אקסעל:

וואס דען? איך פערשטעה דען נישט, וואס ער האט נאך מעקאיעט? ער איז געווען, זאל ער מיר „מוחל" זיין, א ניט־פערגינער און נאכ'ן טויט האט ער אויך געוואלט קיינעם זאל ניט אנקומען.

ראָניע:

איך האב געוואוסט, אז ס'איז ניט געווען סעריאזנע, ער בעט א שבועה, זאג איך — אפילו צעהן שבועות, אבער העלה תקיעת־כף?

אקסעל:

ע! דער תקיעת־כף איז אויך ווערט א פאנישקא טאבאק. אז איהר מיינט ניין, וואס ארט אייך, אז ער מיינט יא?... מודמע ראָניע, איך האב אייך געוואלט זאגען, גנעסע —

### אויפטריט: גנעסע.

גנעסע:

בעל־הבית׳טע, דער סאמאוואר זינגט שוין, ער וועט באלד זיין פארטיג.

ראניע:

גוט... ע! דו ווייסט... מיר האבען שוין נאר צוויי פאלאניצעס, געה זיפ אן מעהל מיט דער געדיכטער זיפ. די וויסעווקעס וועלען צונויצקומען צו מאכען פאליע פאר דער טייטשקע. (גנעסע אב). וואס האסטו געוואלט זאגען אקסעל?

אקסעל:

איהר זעהט, וואס פאר א בולעקאטע אויגען גנעסע האט? זי איז געוועזען א מיידעל פערווי סארט — אבער... (א גערויש), וועמען טראגט עס? (קוקט ארויס). אהא! אייער שוואגער, לייבוש ציפארסקעס און אייער שוועגערין, פייגע ראחצע... מיר וועלען דאס אבלעגען אויף שפעטער... א, יא! דער האספאדין פריקאשטשיק איז א גוטער חאלאמענדרא! (אב).

ראניע:

גוט, וואס זיי קומען אצינד, — דער קאפ איז מיר אזוי פער־מאראטשעט, אז איך ווייס נישט, אויף וואס פאר א וועלט איך געה ארום — אפשר וועל איך פון זיי עפעס דערגעהן א טאלק.

### אויפטריט: לייבוש, פייגע־ראחצע.

לייבוש:

א גאט־העלף, ראניין!

פייגע:

אוי, א גאט־העלף דיר, ראניעצקע!

ראניע:

א גוט יאהר אייך ביידען.

לייבוש:

צום מנין האב איך נישט געקאנט קומען, וויל ביי מיין

קליאַטשע האָט זיך אַ פּוסנאָהע אויסגעוויעלנעט, ניט פֿאַר מײַן ווײַב
געדאַכט — דערפֿאַר זענען מיר איצט געקומען. — מילא, וואָס —
געשטאָרבען, איז — ווי זאָגט מען עס — בעגראָבען... אָבער מיר
זענען דאָך דערווייל לעבעדיגע מענשען — און מײַן פֿייגע ראָחצע
לעבט דאָך נאָך אויך און וויל עסען — און דאָ האָט מען געמאַכט
אין אונזער געגענד די אײַזענבאַהן און מען נעהמט בײַ אונז אַוועק די
גאַנצע פּרנסה. און דער פֿייער ווערט וואָס אַ טאָג קלענער און
מען קאָן פֿון איהם אויך שוין קיין חיונה נישט ציהען, — האָבען
מיר זיך, דאָס הייסט, איך מיט פֿייגע ראָחצען, מישב געווען — צו
מטריח'ען אַנ'אַליענצע. — דאָס הייסט, מיר ווילען מאַכען אַ פּרנסה
פֿון קוועטשען — מיר ווילען קוועטשען קאָנאָפּליאַנע אָליע.

פֿייגע:

יאָ, — מיר האָבען געהערט, אַז מענשען האָבען דערפֿון גאַנץ
שעהן פּרנסה — נו, און דו ביזט דאָך עפּיס מײַן אָרעמען ברודער'ס
ווײַב, אונז צו לאַנגע יאָהר, — האָב איך געזאָגט צו מײַן לייבושן
ציפּאָרסקעס — מסתמא האָט מײַן ברודער אין זײַן איינציגע שוועסטער
אויך נישט פֿערגעסען אין זײַן צוואה — עס איז דאָך געבליבען אַזאַ
פֿערמעגען, פֿאַר־וואָס זאָל איינעם אָנקומען אַלץ און דעם אַנדערען
אַ מכה?

ראָניע:

דאָס פֿערמעגען, וואָס איז געבליבען בעדאַרף נישט קיין צוואות,
איך האָב דאָרויף געאַרבייט אַלע מײַנע יאָהרען און...

לייבוש:

ווייס איך וואָס, — וואָס אַ אידענע רעדט — האָב איהר קיין
פֿאַראיבעל נישט, ראָניע לעבען — פֿאַרט נישט מעהר, ווי אַ נאַרישע
שקאַפּע — מיר האָבען גאָר געוואָלט דיך בעטען, דו זאָלסט אונז
העלפֿען זיך אַרויסקראַבקען מיט דער אַליענצע. די גאַנצע מאַכעניצע
מיט הכל־בכל בעטרעפֿט 400 קערבלעך, ווילען מיר, דו זאָלסט אונז
לייהען די 400 קערבלעך און דאָס איבעריגע ווען מיר שוין צו־
זאַמענקראַצען.

רַאָניע:

אויב דו ווילסט איך זאָל דיר ליַיהען די 400 קאַרבאָווניצעס... יאָ, איך האָב געהערט, אַז יודען האָבען דערפֿון שעהן פּרנסה. אַני־אַליעניצע, דאָס איז חאַזאַיסקע. אָבער אויב דו מיינסט, אַז איך וועל דיר שענקען דאָס געלד — האָסטו אַ טעות... איך וועל דיר ליַיהען דאָס געלד, אָבער דו מוזט מיר אָבשריַיבען אַ זאַקלאַדנאָי ליסט אויף דער גאַנצער אָליעניצע... אַז נישט — נישט אַ קאָפּיקע.

ליַיבוש:

נו, פֿייגע ראָחצע, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? איך האָב געזאָגט, אַז פֿריהער גאָט און דערנאָך ראָניע וועט אונז אודאי העלפֿען — אָט איך פֿאָהר שוין צום פּיסאַר און לאָזען אויפֿ־שריַיבען דעם זאַקלאַדנאָי ליסט, און מיר וועלען, אם־ירצה־השם, טאַקי באַלה נעהמען סטרויען די אָליעניצע (ווילען געהן).

ראָניע (זיצט שטאַרק פֿערטראַכט):

הערט... איך האָב שוין לאַנג געוואָלט מיט אייך פּאָסאָוועטעווען זיך... די, פֿייגע ראָחצע, ביזט זיין שוועסטער און אַז דו זאָגסט, איך פֿמעט ווי ער אַליין, עליו השלום, רעדט. אוי — ליכאָ מניע — איך ווייס נישט, וואָס צו טהון — אַלע זאָגען מיר נאָר פֿון איהם — נאָר פֿון איבישען, און איך שלאָף נישט נאָכדעם גאַנצע נעכט, ראַזנע דומקעס מאַראַטשען מיר דעם קאָפּ — איך האָב מורא, איך זאָל נישט ספּאַטיקאַיען... איך ווייז אָפּט און בעט איהם, עליו השלום, ער זאָל מיר צו חלום קומען און רעשאַיען, וואָס איך זאָל טהון...

פֿייגע:

אוי, וועה איז מיר! קומט ער נעבעך, ווען עס איז צו דיר? (הוישט אַ טרעהר).

ראָניע:

ניין, אָפּט זעה איך נאָר זיין בעט, אָט אָדאָ!... ער קרעכצט נאָר און איך קאָן פֿון איהם קיין טאָלק נישט דערגעהן, אַזוי ווי ביים לעבען.

לייבוש:

דו פאָלג מיך, האָב חתונה, וועסט דעם געשטאָרבענעם מאַן נישט דאַרפֿען רופֿען צו חלום, חי-חי-חי — הו-הו-הו!

פייגע:

ער איז טאַקי אַ בימעל אַ שגץ, דער אייביש — אָבער נאָך דער חתונה ווערען זיי גאָר אַנדערש, דו וועסט איהם נאָך נעהמען אין די הייגע לאַפּעס.

ראָניע:

אוי, וואָס רעדסטו דורנאַ, סחאַמינוסיאַ! ער איז פיעל אינגער פון מיר און —

פייגע:

זיי מעגען? אַנאַלטער שטורמאַק פון 70 יאָהר מעג נעהמען אַ מיידעל פון 17? נישקשה, דער רוח וועט איהם נישט נעהמען, אַז ער וועט האָבען אַ ווייב מיט עטליכע יאָהר עלטער.

לייבוש:

דו לאָז מיך, וועל איך זיין דער שדכן... וואָס מיינט ער, דער קבצן? אַז מען נעהמט אַ ווייב איז אַקוראַט, ווי מען קויפט אַ קאַבילע און מען דאַרף איהר קוקען אין די ציינער אריין, האַ?

פייגע:

וואָס איז? ער נעהמט זיך נאָך איבער? אַזאַ ביק!

ראָניע:

ניין, נישט ער... אָבער איך זעה, איך דאַרף אייך אַלץ ראַסטאָלקעווען, פערשטעהט איהר... איך קען נישט... איך קען נישט...

פייגע:

שוועסטערלעך מיינע! וואָס הייסט, דו קאָנסט נישט?

ראָניע:

איך קאָן נישט, ווייל —

לייבוש:

אָבער, אז דו ווערסט שטעלען א חופה כדת משה וישראל?

ראָניע:

ער, עליו השלום, ווען ער האָט נאָך געלעבט, ער האָט איהם זעהר נישט ליעב געהאַט. איך מיין, א קראַנקער מוז פיינד האָבען א געזונטען... ער פלעגט שטענדיג מיר מאַראַטשען דעם קאָפּ, איך זאָל אייבישען נישט האָבען אין מיינע דימקעס, לזוך דאָס פלעגט פונקט פערקעהרט מיר זאָגטאַווען טראַכטען פון איהם. איך לעג אַ׳ייך אַרוים דעם גאַנצען אמת, ווי אויף דער דאַלאָניע.—אָבער כל זמן ער האָט געלעבט, האָב איך געקוקט אויף דער גאַנצער היסטאָריע, ווי אויף א שוטקע. איצט אָבער איז דאָס קיין שוטקע נישט. איך פיהל אַנ׳אַנדערש מאָל, אז איך ווער פראָסט משוגע... א גאַנצע נאַכט בעזסאָניצע... אין דער-פריה דער קאָפּ, ווי פאַר-טשאַדעט; די פּאָיאַסניצע ברעכט, די הענד הענגען, ווי דערוויאַשקעס...

פייגע:

ראָניע, הער נאָר: אפשר איז דאָס אַנ׳אָנגעשיקטע זאַך? אזא יונגאַטש קאָן וויסען פון כשוף מאַכען אויך, היינטיגע צייטען, א קשיה?

ראָניע:

אַי — שווענסטער לעבען — קיינער ווייסט נישט, — אָבער דיר וועל איך זאָגען: — איך בין שוין געוועזען ביי א זנאַכערקע, געווען ביי א וואָראָזשקע, וואָס וואַרפט אויף קאָרטען און וואָראָזשעט אויף שוואַרצע ציקאָריע, אוי! א פּאַדהאַדנע זאַך, עס העלפט נישט!

לייבוש:

אַי — גלויבט נישט אין אַזעלכע שאַלאַמייזעס, וואָס קאָנען דיר וואָראָזשקעס העלפען, אז דו האָסט צופיעל דאגות אויפ׳ן קאָפּ? דו פאָלג מיר, איך זאָג דיר, ווי א גוטער פריינד: האָב חתונה, וועט עס ביי דיר אָבנעהמען מיט דער האַנד.

רָאנִיעֶ:

דָא איז די זאהאָאהאָרקֶע!... ווען עֶר, עליו=השלום, האָט זיך געמוטשעט פאַר'ן טויט, האָט עֶר מיך צוגערופען און האָט מיך געזאָגט: גיב מיר אַ שבועה, אַז די וועסט פאַר אימעצן נישט חתונה האָבען!

ביידע (ערשטוינט):

אַזוי? ער האָט דאָס אין זינען געהאַט פאַר'ן טויט?

רָאנִיעֶ:

איך האָב גאָרנישט געטראַכט, איך זעה, איהם איז שלעכט, זאָג איך, הורנע: איך גיב דיר אַפילו צעהן שבועות; ער האָט אָבער מיט זיינע קאַלטע פינגער געחאַפּט מיין האַנד און געזאָגט: געדענק, עס איז אַ תקיעת=כף.

פייגע:

אַ תקיעת=כף ביים שטאַרבען... אַי — ראָניע, דאָס איז נישט קיין קליינינקייט!

לייבוש:

אַ תקיעת=כף? ע! דאָ דאַרף מען זיך שוין גוט מישב זיין. (גערט אַרום, גלעט די באָרד). שאַ! עס איז דאָ אַ תרופה: פאָהר אַריבער אין דער מעטעטשקע קאָנטעקזיעווע, עס איז אינגאַנצען אַ 30 ווירסט פון דאַנען, מען האָט נישט לאַנג פערשיקט אַהין אַ צדיק, — אפשר וועט ער דיר מתיר=נדר זיין.

ראָניעֶ:

ע! אַ נאָוואָסט! קיינער האָט ניט געקאָנט אַפילו דענקען, אַז איך טראַכט דערפון, אָבער אַז איך זאַדומקעווע עפּעס, האָב איך פיינה צו קלייבען זיך. איך בין שוין אַליין געוועזן ביים צדיק, ער האָט גענומען ביי מיר 18 קערבלעך און האָט מיר געגעבען אַ פּראָ-פוסקנאָי בילעט; אָבער איך האָב מורא... דער צדיק איז אפשר אַ מאָ-שעניק, און מיין כאָוועסט וועט מיך מוטשען. ניין! צע הורעגע?

לייבוש:

זעהסטו! דאַכט זיך אַ קלוגע און רעדט, ווי אַ אידענע! ווי־באַלד דער צדיק האָט אַראָבגענומען פון דיר די אָטוועטסוועטאָסט— וואָס אַרט דיך? ווי זאָגט דער גוי, להבדיל: האָסט זיך גענומען פאַר׳ן הויזש, זאָג ניט ניע דויזש, הי,, חו! אַי — וואָס. טאַמער איז ער אַ מאַשעניק, וועט ער דאָך אָטוועטשאַיען!

פייגע:

אַי — זאָל ער מיר מוחל זיין, אפילו נאָכ׳ן טויט פערגינט ער דיר אויך נישט צו לעבען אויף דער וועלט... אַי, ראָניע, זאָל ער מיר מוחל זיין, עס איז נישט ווערט קיין טפו! די האָסט נאָר ביים רבי׳ן אַרויםגעוואָרפען 18 קערבלעך.

לייבוש:

נאָכ׳ן טויט וויל ער אויך זאָגען אַ העה אין דיין שדוך? בייטעל־אוים אַלע חלומות צום גוי׳ס קאָפּ און טהו, ווי דער רבי הייסט. ווי זאָגט די פּאָסלאָוויצע: טהו מיט׳ן אמת, וועט דיר מיט׳ן אמת די אויגען אַרויסקריכען, חי! חי! חי!

פייגע:

די יאָהרען שטעהען נישט, נאָר האָב חתונה, שוועסטערה לעבען, און זאָל דיר גאָט געבען מיט מזל, מיט ברכה,, מיט הצלחה און מיט אמן סלה.

לייבוש:

און מיט אמן סלה? אַי — אידענע!... חי, חי, ח! הו! הו! און איך זאָג דיר, ראָניע, פאָלג מיך...

אויפטריט: אייביש (טרויעריג).

ראָניע:

שש! האָדיע רעדען!

אייביש:

בעל-הבית׳טע, איך וויל מיין ראַשטשאָט, עס וועט זיך אפשר מאַכען גיך אַ פּודו...

ראָניע:

דו ווילסט טאַקי דאָ נישט בלייבען, וואוהין ווילסטו געהן?

אייביש:

איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך ווייס אַליין נישט. איך וועל געהן, וואוהין גאָט וועט מיך פיהרען.

ראָניע (איהר שטימע ציטערט):

נו, אז דו קאָנסט נישט — וואָס זאָל איך טהון — וויפיעל קומט דיר? (נעהמט ציטערדיג אַרויס אַ בומאַזשניק), דו האָסט פאָריגען מאָנאַט גענומען —

אייביש:

מיר וועלען זיך בערעכענען (זעצט זיך, רעכענט פון אַ ביכעל).

ראָניע:

בערעכענען זיך? באָזשע מאָי, באָזשע מאָי! באָזשע מאָי! וואָס זאָל איך טהון?!... אייביש, זאָל זיין; מיר וועלען זיך שוין בערעכענען דאָרט! גאָט וועט אונזער חשבון בערעכענען! (ווישט אַ טרעהר). עס איז אפשר אַ גרויסע עבירה, ווען אַ מענש וויל חאָטש אַ ביסעל גליקליך זיין, אָבער זאָל מיך גאָט נישט שטראָפען... און איך האָף, איך וועל נישט אייביג דאַרפען בעווייגען דאָס, וואָס איך רעשאַיע זיך צו טהון איצט. (וויינט).

פייגע:

גאָט איז מיט דיר, וואָס רעדסטו דאָס? (וויינט).

לייבוש:

ביי אַזאַ געלעגענהייט מוזען ווייבער וויינען, אַז חתונה האָבען ווילען זיי, אַז וויינען, וויינען זיי.

אויפטריט: אַקסעל (בלייבט שטיל ביי דער טהיר).

אייביש:

בעל־הביתטע, ראָניע, איהר וועט נישט חרטה האָבען. איך

וועל אייביג געדענקען, אז איהר הויבט מיך אויף פון דער בלאָטע און מאכט מיך פאר א מענש!... אט זענען דאָ אייערע פריינד, איך שווער אייך: ווי די אויגען אין קאָפּ וועל איך אייך היטען, ווי... ווי... (קאָן נישט רעדען, וויינט).

אויפטריט: בן־ציון (בלייבט נעבען אקסלען שטיל).

ראָניע:

אקסעל, דו האָסט מיר געזאָגט, ער איז א חאלאמודניק; איך ווייס מעהר, ווי דו דענקסט, אָבער גאָר טענה מיט א יודענע. ברוי־דער, עס איז פערפאלען, איך גאָר אין נעוואָליע... דו זעהסט? ער, ער וועט זיין אונזער פּאָטשטאַר, אונזער חאָזאאין. (קעהרט זיך אום, פערדעקט זיך דאָס געזיכט).

אקסעל (שטיל):

ער, אונזער פּאָטשטאַר? אוי, ליחאָ מניע, ליחאָ מניע!

בן־ציון:

אזוי? זאָל חאָטש דעם טאַטענס נשמה נישט זיין דערביי (פאַרלעשט דאָס ליכט).

ראָניע (קעהרט זיך פּלוצים אום, דערשראָקען):

ווער האָט דאָס ליכט פאַרלאָשען? בן־ציון, דו האָסט פאַר־לאָשען דאָס יאָהר־צייט־ליכט?

אויפטריט: גנעסע (מיט א ווריגען סאַמאָוואַר, שטעהט ערשטווינט).

בן־ציון (מאכט זיך נישט הערענדיג):

מאַמע, מען האָט שוין דעם טאַטען געשטעלט די מצבה?

ראָניע:

די מצבה? יאָ!... זעהסט די מצבה, וואָס איך שטעל אויף זיין קבר? קום אהער צו מיר, קינה מיינס!... (שלעפּט איהם צו זיך). א לעבעדיגע, א שווערע, א שרעקליכע מצבה!... זוהן מיינער, אמויש־דאַיע מיך נישט... וואָס זאָל איך מהון, אז איך בין פאַרט נישט

מעהר, ווי א שוואכער מענש? (אומארמט איהם, וויינט). היעטינא מאיא! מאי האלוב סיזאי! (אלע וויינען).

### בן־ציון:

א, איך ווייס, דו וועסט מיך שוין מעהר נישט ליעב האבען, איך וועל דא זיין איצט א פרעמדער (וויינט), איך וועל דיר שוין ניט ליגען אין זינען...

### ראניע:

איך וועל דיך נישט ליעב האבען? קינד, וואס רעדסטו? מיין לעבען ביזטו, אלע מיינע געדאנקען געהערען דיר, ווי די אויגען אין קאפף וועל איך דיך היטען, זיי דו מיין חאזאין, מיין בעל הבית, מיין האספאדין... מיין קינד, מיין דעטינא! מיין האלוב סיזאי? (אומארמט און דריקט איהם צו זיך, וויינט).



# דריטער אקט.

א הויף, אין מיטען א ברונען מיט א צעבראַ, פון איין זייט ראָניע'ס הויז בעדעקט מיט שטרוי, אין הויז פיהרט א קריליצאָ מיט א פענסטער אנטקעגען שפייכלערם — אויך געדעקט מיט שטרוי; מען זעהט א וועג מיט צוויי גרויסע בוימער. — אין הינטערגרונד זעהט מען דעם טייך בוג. — א הייסער טאָג. אַקסעל זיצט ביי די טרעפּ און שמירט א חאָמוט מיט דיאָהעט. גנעסע שלאָגט אין א מאַסלעניצע פוטער. יאַמשטשיקעס רייניגען דעם הויף, אנדערע זיצען אויף דר'ערד, טהוען עפּעס; אַלע זינגען א מאַלאָראָסישען כאָהר „זאסוויסטאַלי קאַזאַטשענקאָ".

ראָניע (פון שטוב):

גנעסע, גנעדיי! (גנעסע ליפט אריין, קומט באַלד צוריק).

גנעסע:

חלאָפּצי, די חאַזאַיקע האָט געזאָגט, איהר זאָלט אויפהערען צו שרייען, דער חאָזאַין שלאָפט.

אַלע (איראָניש):

אָה! אָן יאַק!

אַקסעל (שטיל, צו זיך):

ער שלאָפט, דער יעדאָ בלאַדאָראָדיע, סוויניאַ וויהאָראָדי. (אַלע לאַכען. — צו גנעסע'ן), א הייסער טאָג, עס האַקט ווי אין א פּעקלאָ, און עס פּאַרעט ווי אין א באַניע, אַפילו די הוזרעטשקאָ צו בעשמירען מיט די הענד איז שווער, דער קוואַטש גליטשט זיך פון די הענד. (ווישט זיך דעם שוויס).

גנעסע:

יאָ, אַקסעל, עס איז זעהר היים.

אַקסעל (קוקט אויף איהר):

אַי, גנעסע, פון דיר איז געוואָרען אַנאַטאַמיש!

גנעסע:

אַקסעל, וואָס עס איז פין וואָגען אַראָבגעפאַלען — דאָס איז פערפאַלען.

אַקסעל:

געווען אַ מיידעל פערוני סאָרט, און איצט גיט אַ חאַפּ ביי די פּיטשינקעס — אַז מען גיט אַ קוק אויף דיר. ער האָט דיך אומגליקליך געמאַכט און שולדיג וועסטו אַליין זיין, פון דיר וועט מען לאַכען, חוזק מאַכען.

גנעסע:

וואָס הייסט, ער האָט מיר אומגליקליך געמאַכט? וואָס בין איך, אַ קליינינקע? ניין, אַקסעל, ער איז ניט שולדיג.

אַקסעל:

נו, יאָ, ער איז קיינמאָל נישט שולדיג. פּרימערנאָ, וואָס איז געווען ראָגיע די פּאָטשטאַרקע, ווען דער אַלטער בעל־הבית האָט געלעבט, און וואָס איז זי געבליך איצט? און גאָר ניט! ער איז ניט שולדיג. דו האָסט געהאַט צוויי באַקען, ווי צוויי צופלאַמטע פּאַמפּיש־קעס, און איצט זעהסטו אויס, ווי קוואַטשקע, וואָס איז ערשט אַרויס פון דער סידעלע, און גאָר ניט: ער איז ניט שולדיג! צו אַנדערע מענשען קלעפּט זיך דאָס גליק, ווי אַ פלאַסטער צו אַ געשוויר... גנעסע, דו וועסט שפּעטער ווייגען אויף דיינע יונגע יאָהרען און מיר נאָיעט דאָס האַרץ אויף דיר קוקענדיג...

אויפטריט: בן-ציון (לויפט אריין, שרייט הויך).

בן-ציון:

אַקסעל, וואו איז די מאַמע? איך וויל זיך געהן באָדען, עס איז אַזוי היים. מאַמע! מאַמע! מאַמע! וואו ביזטו?

גנעסע:

שריי ניט... דער פעטער שלאפט... שא, אט געהט די מאמע!

בן-ציון (שרייט העכער):

מאמע! מאמע! איך וויל זיך געהן באדען.

אקסעל:

ער שרייט נאראטשנע, דער גנב... שש, די מוהמע ראניע געהט!

אויפטריט: ראניע (דעם קאפ פערבונדען מיט א רויט, זיידען טיכעל ווי מאלארוסישע פרויען, א סיטצענע לייכטע קליידעל.

ראניע:

שא! מאך ניט קיין הארמידער, אונזער חאזאין שלאפט... איינגעניצן ביזט געווארען זעהר א ראזבאלעוועטער חלאפעץ, איך וועל דיר אנהויבען בויקערען די ביינער... נו, וואס האט דיר דארט פריספעטשעט?

בן-ציון:

אהא היץ, דער טייך איז דא ביי אונז אין גארטען און איך זאל זיך נישט באדען?

אקסעל:

אין טייך איז קיהל און נאס — איך וואלט פון טייך ניט ארויסגעקראכען, ווען איך זאל זיין א סוואבאדנער מענש.

ראניע:

ראזבאישאקע די, דער בוג איז טיעף, און אליין באדען זיך זאלסטו ניט סמעיען. אקסעל וועט געהן מיט דיר, און — הערסט, זאלסט זיך באדען נעבען בערעגלע, דארט איז די גרוב, וואס רופט זיך טשארטאווע יאמא... געה אין אמבאר אויף דער זאסיקע ליגט א ראדאושע אונטער צו שפרייטען אונטער די פיס, און גנעסע וועט דיר געבען ארוטשניק... דו הערסט? ניט פון די געמענע שעטע. (בן-ציון שפרינגט ארויס, קוקט אין מאסלעניצא. האט דאך שוין

איבערגעשלאָגען... גיה לייג אַרויס די פוטער אין קאַלטע וואַסער, און די מאַסליאַנקע גיס אַריין אין דער קליינער מאַקריטע און טראָג עס אַראָב אין פּאָגרעב... יאָ, ווערסט אַ קוק טהון — איז שוין פאַרטיג דער סערעוועץ (גנעכצט, אַך, פֿוי!... אַקסעל, וואָס זאָגסטו צו דער פּאָגאָדע? שוין לאַנג ניט געווען אַזאַ זאַסוכע... אַי — אָט אַ פּנים אַזוי וועט מען הרישניע מענשען האַקען און שקוואַרען אין דעם גיהנום. (זעצט זיך, שניידט און נעהט, וואָס זי האָט געבראַכט פון הויז).

אַקסעל:

יאָ, עס זעהט זיך אויס, ער האָט היינט געמאַכט קידוש מיט „הבדלה“.

ראָניע (זיפצט):

ער האָט פריהער נישט געטרונקען, וועה איז מיר!

אַקסעל:

געוואַלד, דאַכט זיך, אַזאַ מענש, ווי ראָניע די פּאָטשטאַרקע... און וואָס? אַ פּנים אַלע ווייבער זענען פון איין טייג געקנאָטען...

ראָניע:

אַי, אַקסעל, זאָלען די האַזומניקעס לאַכען פון ווייבער, דו ביזט דאָך אַ גוטער...

אַקסעל:

מודמע ראָניע, איך לאַך מיט קלעמענים... וואָס הייסט... מען זאָגט, יאַקבע, איהר האָט איהם אַרויסגעגעבען אַ פּאָלנע דאָווערענאָסט אויף אייער גאַנצען פערמעגען. אַי, זעהט, איהר זאָלט חס ושלום קיין חרטה נישט האָבען... נו, זאָגט אַליין, פּאַסלע עטאָדאָ — זענט איהר נישט אַ אידענע?

ראָניע:

דורנע, וואָס דען מיינסטו? ראָניע די פּאָטשטאַרקע איז אויך נישט מעהר, ווי אַ באַבע. אונזער באַבסקע דאָליע איז אַזוי. מיר, ווייבער זענען פרימערנע, ווי עס גיט זיך איין אַנדערע פערד, האָטש

דער־הרג׳ע ווילען זיי אליין נישט געהן אין שפאן, זיי ווילען זיין נאר געשפאנט צו דער פאר; אבער נאר צוגעשפאנט נאך איינעם צו דער פאר, געהען זיי אחאטנע אהן א קנוט אין בלאטע און זאמד, בארג ארויף, בארג אראב — דער צווייטער פערד איז טאקי פויל, ציהט ניט, ער איז נארעוויכטע, בריקעט זיך, שצירעט מיט די ציינער, הירזשעט אין די אויערען און דו דארפסט אפשר אליין שלעפען די גאנצע פאקלאזשע — אלעס אויסשטעהן, אבי נישט געהן אליין. אבי דו זעהסט נאך א פערד אין דער אופריאזש, וועלכע רופט זיך סעמיינע זשיזן... יא, אקסעל, סעמיינע לעבען, דאס איז צוויי פערד אין איין שפאן.

אויפטריט: בן־ציון (מיט א ראהאזע אונטער׳ן ארם).

בן־ציון:

מאמע! עס איז דא! אקסעל, האדיע! אוי, וועל איך שווימען! (מען הערט אייביש׳עס אונצופריעדענע שטימע).

ראניע:

אט האסטו שוין דעם פעטער ראסטושיבעט, אוי, דו פאהאנעה חלאפעץ.

אקסעל:

ניט קיין גרויסע בעדא, ער האט גענוג צייט צו שלאפען, זיין גאנצער געשעפט איז דאך נאר אין שלאפען. סמירנא! נא־טשאלסטווא געהט!

אויפטריט: אייביש (אין א וויסען אנצוג, וויסעס העמדיל).

אייביש:

צו אלדע שווארץ יאהר! מען קאן ניט א דרעמעל טהון! אזוי ווי אויף א יריד, אזוי קאכט עס. קיינעם ארט ניט, טאמער האט זיך א מענש צוגעלעגט אברוהען...

בן־ציון:

קום, אקסעל, באדען זיך.

אייביש:

דיך, אַקסעל, דאַרף איך טאַקע... אוי, ווי דער קאָפּ טרעשט... דעם אמת געזאָגט, ווי איך בין אַ איד, דאָס איז פון היץ... איך ווייס גאָר ניט, ווי אַזוי איך וועל דאָס אויסהאַלטען! פוי...

ראָניע:

דיר טהוט וועה דער קאָפּ? ווילסט אפשר טרינקען פרישען סערעוועץ? זויערעס איז גוט אויך פּאָכמעליע.

אייביש:

איך זאָג, פון היץ, זאָגט זי פּאָכמעליע! גוט-מאָרגען, געלעכטער טראָג איך!

ראָניע (שמייכלענדיג):

קוש אַ בער'ן... מיין מאַן האָט עס אויך ליעב... זאָל זיין נישט פון פּאָכמעליע, טרינק אַ ביסעל סערעוועץ פון היץ...

אייביש:

איך וויל ניט קיין סערעוועץ... אַ מאכל סערעוועץ! אַקסעל, קום אַהער, זאָג מיר נאָר, וויפיעל קומט דיר?

אַקסעל:

פרעגט מיך „בחרם“, וויפיעל איך קומט פון מיר, און וויפיעל מיר קומט פון אייך, איך טרעבעווע איצט ניט קיין געלד...

אייביש:

פוי! ווי איך שוויץ! האָזאַיקע, גיב מיר מיט עפּעס אָבווישען דעם פּנים. (גיט איהם אַ ווייס טיכעל). פערשטעהסט מיך, אַקסעל... איך האָב דיר שוין לאַנג געוואָלט געבען דעם ראַסטשאָט... איך דאַרף דיך נישט מעַדר... ע, ה'... בן-ציון, דערלאַנג מיר אַ קרוזשקע קאַלטע וואַסער!

בן-ציון:

מאַמע, ער וויל אַ טרונק. (ראָניע ברענגט איהם אַ קריגעל וואַסער).

אַקסעל:

װאָס הייסט, איהר דאַרפֿט מיך ניט? דאָס איז עפּעס אַ דיקױטנע....

איזביש:

ביזט דאָ ביי מיר אין הויז אַ צו גרויסער מאַכער, נישקשה, מיר װעלען דאָ קאָנען בענשען מזומן אָהן דיר. (ראָניע קוקט איהם אָן פֿערװאונדערט, זעצט זיך צוריק גלײַך נעהען).

בן־ציון:

מאַמע, איך װעל זיך הערױס נעהן באָדען.

ראָניע:

האָסט פֿערגעסען, איך האָב דיר פּריקאַזעװעט זאָלסט אַליין נישט געהן באָדען זיך? ביי דער פּרעבלא אין דער טשאָרטאָװער יאַמע דערטרינקען זיך אַלע זומער עטליכע שקצים׳לעך. בעסאַװע רעטינאַ!

איזביש:

די מאַמע נאַסליעדניק! קאָנסט װאַרטען, איך געה זיך באַלד באָדען... פֿו... מיר איז אַזוי הייס, אַז איך שוויץ אַזש... ראָניע, איך װיל זיך געהן באָדען, דערלאַנג מיר — דאָרט אין שופֿלאָד האָב איך אַ שטיקעל יאַשינע זייף און גיב מיר אַ ריינעם האַנטוך. (ראָניע אָב). און דו אַקסעל, נעהם צונויף דיינע בעבעכעס, עס איז בעשלאָסען, דו בלייבסט דאָ נישט מעהר, דיין בעל־הבית דאַרף דיך נישט מעהר.

אויפטריט: ראָניע (מיט זייף און אַ האַנדטוך).

ראָניע (גיט אַ שמעק די זייף):

אַקוראַט, װי פֿאַר אַ באַרישנע, און אָט האָבט אַ מאַכנאַטען האַנדטוך. (צו אַקסעל). שש... שװײַג, ביז איהם װעט איבערגעהן די משוגעת; ער איז אַ פּנים איפּגעשטאַנען פֿון געלעגער מיט דער לינקער קאָפּיטע.

אַקסעל:

איך װעל טהון נאָר װאָס די מוהמע ראָניע װעט מיר זאָגען.

אייביש:

מודמע ראָניע! וואָסער מודמע ראָניע? איך האָב היינט שוין צוזגענומען הארטען אויף דיין פלאץ... יאָ, ראָניע, דו ווייסט? איך בין היינט געוועזן ביי ראַפּאָשאָפּקע אין חוטאָר און האָב ביי אידם געקויפט זעהר וואָלוועל זיין פאַיעטאָנטשיק.

ראָניע:

טי סחאמינוסיא! נאָך וואָס דאַרפען מיר אַ פאַיעטאָנטשיק?

אייביש:

עס מאַכט זיך אַ מאָל, אַ נאַטשאַלניק פאָהרט דורך... און פאָהר זיך אַליין, מען וויל זיך אַ מאָל דורכפאָהרען, ווי אַ מענש! — איך! — דאָס האָבען מיר היינט דאָרט געטרונקען מאהאריטש! איך וועל נישט לייקענען, אמת, מיר האָבען געגעבען אַ גוטען זופּ! אוי, אַ פאַיעטאָנטשיק, אַ צאַצקע!

ראָניע:

דאָס איז ניט פאַ חאָזיסקע! אַ נאַטשאַלניק איז ניט קריינק צו פאָהרען אויף אַ פּראָסטע בריטשקע. און אַ בעל־הבית, אַז ער וויל זיך דורכפאָהרען, ווי אַ מענש, דאַרף ער ניט קיין רעסאָרען דערצו... איך האָב ניט ליעב די פוסטע ווידומקעס.

אייביש:

נו, יאָ, איך ווייס, איהר זענט דאָ געוועהנט געוואָרען צו לעבען ווי די חזירים. אייער שאַמפּאַניער איז פרישער מערעוועץ, אייערע בעסטע פּרוכטען איז פּאַמפּישקעס מיט קנאָבעל, אייערע פיינסטע געבראָטענע עופות איז געבראָטענע קירבים. ביי מיר וועט דאָס ניט זיין. איך וועל אייך אויסלערנען, ווי מען דאַרף לעבען, ווי מענשען. אַקסעל, דו האָסט דאָ קיין סלוזשבע מעהר. וואָס דאַרף איך האַלטען אַ בראָדיאַגע אָהן אַ פּאַספּאָרט, אַז האָווריליע וויל זיין מיין קוטשער, ווי איך בין אַ איד!

אַקסעל:

אמת, איך בין אַ בראָדיאַגע, איך האָב ניט קיין פּאַס, אָבער שטאַרבען פון הונגער וועל איך נישט. נישקשה, דער רוח וועט מיך

נישט געדמען. בערעל סיסלאָווער האָט מיר שוין לאַנג געוואָלט אַריבער־נאַרען צו זיך אויף זיין סטאַנציע. ע... ווי אַזוי וואָל איך האָבען אַ פּאַספּאָרט, אַז איך ווייס ניט, וועך מיין טאַטע איז געוועזן און איך בין אין ערגעץ ניט פערשריעבען?... דאָ קען מען מיך... מיין מאַמע האָט דאָ געדיענט פאַר אַ קעכנע נאָך ביי דער מוהמע ראַניע'ס עלטערען. דאָ בין איך געבאָרען געוואָרען און דאָ אויס־געוואַקסען... אָבער מיט געוואַלד וועל איך זיך דאָ ניט האַלטען... איך גער שוין און נעהם צונויף מיינע קלומיקעס... המ, נעחיי טאַק! ווי זאָגט דער גוי: ניע ליובאַ? ניע נאָדאַ, ניע טרעבאַ! (אָב אין הויף).

### ראַניע:

פאַר איהם אין די אויגען האָב איך זיך ניט געוואָלט מעשאַיען... זיי דו דער חאַזאַן, אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ קריעג אין מיטען דערינען?

### איציבּיש:

נישט דו... ער האָט מיך געדאַרפט בעטען, אויב ער האָט געוואָלט בלייבען; נו, ראַניע'ס בן יחיד, איצט וועלען מיר זיך געהן באָדען.

### ראַניע:

שאַ! זיי ניט קיין עזות פנים און טהו, וואָס דער בעטער פּריקאַזעוועט דיר!

### איציבּיש:

ראַניע, דערלאַנג מיר, דאָרט אין מערען פּידזשאַק אין בוזעם־קעשענע, מיין גוטאַפּערטשעווע קעמעל.

### ראַניע (זיפצט):

אוי, באָזשע מאָי — באָזשע מאָי... (אָב).

### איציבּיש:

און דו לעג דאָס אַלעס צונויף און וועסט עס אַוועקטראָגען צום טייך. (דאָס קינד ריהרט זיך ניט). נו, געשווינד ריהר זיך, דו בן־ציון ב״ה שרגא פייוויש!

בן־ציון:

פאַר וואָס טרייבט איהר אַרויס אונזערע אַקסעל? ער געפעלט
אייך נישט?

איזביש:

נעהם די זאַכען און רעה נישט! געראַטען אין טאַטען, ער
איז אויך געווען אַ בעל־טענה. נאַ — נעהם!

בן־ציון:

מיין טאַטע האָט ביי אייך גאָר ניט צוגענומען.

איזביש:

שטיל, ווארום איך וועל דיך... (טרייסעלט איהם ביין).

בן־ציון:

איך בין ניט אייער טאַטענס משרת.

איזביש:

זיי ניט קיין שגץ, ווארום די וועסט קריגען פעטש!

בן־ציון:

אַנו, פרובט נאָר!?

איזביש:

שטיל, ווארום איך וועל דיך... (גרייפט איהם און טרייסעלט
איהם).

בן־ציון (שרייט):

מאַמע! מאַמע! ער שלאָגט מיך, מאַמע!

אויפטריט: ראָניע (מיט אַ קעסטעל).

ראָניע (שטייסט אָב איזביש׳ען):

וואָס איז — שלאָגען גאָר? צע דורנע!

אייביש:

אַז מען וועט דאַרפֿען שלאָגען — וועל איך שלאָגען, וואָס מיינסטו, איך וועל איהם קוקען אין די ציינער אַריין?

ראָניע (שטיל, אָבער מיט ברענענדע אויגען):

שלאָגען? יאָ, מיך! מיך וועסטו שלאָגען, מיך! וואָרום מיר קומט, איך האָב עס פֿערדיענט! אָבער איהם? האָספּאָדין חאָזאַין, פֿערגעס ניט, ער איז אַ יתום, און אויב דו וועסט איהם אָנרירען, וועסטו נישט גוט אָבשניידען; איך בין ניט נאָר מאַדאַם אייביש פֿייטעלזאָהן, איך בין נאָך ראָניע די פּאָטשטאַרקע אויך! (צו בן־ציון). נעהם די וועשצעס און געה זיך באָדען מיט'ן פֿעטער (בן־ציון נעהמט די זאַכען, אָב). פּאָזשאַלוסטאַ, אייביש, וועסט אויף איהם אַלטערנן געבען — דאַרט נעבען דער הרעבליע איז אַ גרויס אָפּאַסנאָסט, און דו... ביזט בעז! ט'י — דורנע! (גיט איהם אַ שטויס, שטופּענדיג). נאַ, אָט האָסטו דיין גוטצפֿערטשענע הריעבעשאָק. (גיט איהם).

אייביש (בעז, קרימט נאָך):

גוטאָפֿערטשענע הריעבעשאָק! (רייסט עס אויס, געדט). ווי איך בין אַ איד — דאָס גרעסטע אונגליק איז — ווען אַ אינטעליגענטנער מענש דאַרף לעבען מיט אַ נעאָבראַזאָוואַנע דערעווענסקע באַבע! (אָב צום טייך).

ראָניע:

אַ פּנים, איך האָב געמאַכט אַנ'אָשיבקע... אוי, ווען די צונג פֿאַלט אַנ'אָשיבקע איז אַ פּוסטיאַק דיעלאָ, מען לאַכט דערפֿון; ווען אָבער דאָס האַרץ מאַכט אַנ'אָשיבקע, איז אַנ'אונגליק... דערפֿון וויינט מען... (פֿערטראַכט זיך).

אויפֿטריט: אַקסעל (מיט אַ קאָטאָמקע אויפ'ן רוקען).

ראָניע:

אַקסעל, דו געהסט טאַקע?

אַקסעל:

יאָ, איך בין פֿאַרטיג צו מאַכען די פּוטעשעסטוויע.

### ראָניע:

ער איז אַלע מאָל געגען דיר. איך האָב שוין איבער דיר געהאַט פון איהם גרויסע נעפריאַטנאָסטען... די ביזט דאָ אין שטוב ווי אַנ׳איינגענער, און אָהן דיר בלייב איך נאָך עלענדער, אָבער ער האָט זיך אָנגעסטראַבוטשעט, ווייל איך ניט איבער דיר מאַכען אין שטוב אַ גאַנצען קאַלאַבאַליק... איך וויל טערפּען. גענוג, און זאָל בעסער דער נעבעכער פאָטער זיין דיין טאַטע, דיין פריינד און דיין חאָזאַין. גענוג געזונטערהייד... אָך, יאָ, האָר אויס אַ ביסעל. (ראַש אָב).

### אַקסעל:

איך ווייס — איך בין איהם ווי אַ בעלמע אויפ׳ן מענשעלע — נו, דאַרף מען נעהמען דעם דרך לאריץ, איינינ קאָן מען דאָך ניט בלייבען אויף איין אָרט. אָבער דעם אמת געזאָגט, עס טשעפּעט אַ ביסעל ביי די פּוטשינקעס... דאָך דאָ אויסגעוואַקסען מיט די קעלבלעך, אומגעלאָפען ביים טייך מיט די לאָשעקעס... איך האָב ניט קיין משפחה, אָבער לכל הפחות איז די מוהמע ראָניע, און בן-ציון און גנעסע. ע! דאָס איז ניט פאַר מיר געדאַכט... פונדעסטוועגען האָט זי אַ וויין געטהון, ווען איך האָב איהר געזאָגט, אַז איך טראָג זיך אָב. (פערטראַכט זיך, פייפט לאַנגזאַם, טרויעריג: „אוי, לעטיט באָמבאַ אין מאָסקאָווסקאָהאָ פּאָליאַ").

### אויפטריט: ראָניע (מיט פערשיעדענע זאַכען).

### ראָניע:

אַקסעל, דאָ האָסטו צוויי פּאָר פלודערען און אַ פּידזשאַק, נאָך גאָר אַ נייער. איך געדענק ניט, אויב ער, עליו-השלום, האָט איהם צוויי מאָל געטראָגען; די ווייסט דאָך, ער האָט זיך נישט פערגונען, ער האָט געזשאַלעוועט, אָבגעהיט... און ביי אַנדערע איז אַלץ טרי-טראַווא... דאָ אין פאַטשיילקע האָסטו עטליכע קאַרטאָפליאַנע קנישעס, וועסט זיך דאָרט געווים אויסהונגערען אין וועג. ווען דו וועסט פאָהרען אַ מאָל מיט אַנ׳אָבראַטנע קום אַריין, פערגעס ניט אָן אונז, און אַז איך וועל פאָהרען אין שטאָדט, וועל איך דיך זעהן אין רוסלאָוקע. נו, האָב אַ גליקליכען וועג, אַקסעל, און מיך

פּראָקלינאַיע ניט, איך בין אַזוי אויך אַ ניעשצאַסטניע זשענשצינאַ. (קערט זיך אָפּ און ווישט אַ טרער).

אַקסעל:

איך פּראָקליניען? מודמע ראַניע, זאָל מיר פּריִער די צונג אָבדאָרען! זייט געזונט און גליקליך!... בן-ציוניען וועל איך פון דער פּרעבליע אויסשרייען מין „זייַ געזונד", אַ גוטען טאָג! (אָב. געהט לאַנגזאַם, מ׳דערט איהם זינגען זיין לידעל פון ווייטען).

ראָניע:

באָזשע מאָי, באָזשע מאָי! (בלייבט זיצען טרויעריג, פערטראַכט).

אויפטריט: לייביש, פייגע ראָחצע.

פייגע:

אָט זיצט זי דאָך! אַ גוטען אָווענד דיר, ראָניע!

לייבוש:

ראָניע, אַ גוטען אָווענד.

פייגע:

וואָס זשע? אַרויסגעטריבען אַקסלען גאָר? מיר האָבען איהם בעגעגענט דאָ אַוועקגעהן — וואָס הייסט דאָס, גאָר פּלוצים? אַזאַ געטרייער מענש — כמעט, ווי אַן אייגענער דאָ געווען, אַזוי פיעל יאָהרען און גאָר פּלוצים? פע!

לייבוש:

טאַק ניט שעהן, ראָניע — גאָר פלאָט חוואָט און האָדיע!

ראָניע:

באַלאַקעט ניט אַזוי פיעל — ווער ווייסט, אפשר האָט עס מיך מעהר נאַמייעט, וואָס ער איז אַוועק פון דאַנען? נאָר, וואָס קאָן איך נעסטשאַסטנע קאַביטע טהון? ער געפעלט איהם ניט, דעם חאָזאַין מיינעם; און איך וויל ניט מאַכען פון מיר קיין לנשטישע דאָוואָרעם... און ער איז אַוועק, דער אָרימער אַקסעל...

לײבוש:

איך פערשטעה דיך ניט, ראָניע, וואָס הײסט: ער גענפעלט איהם ניט? די האָסט שוין דאָ, הײסט עס, גאָר ניט צוזאָגען? דאָ? ווי זאָגט די פּאָסלאָוויצע: לאָז דעם הונה אויפ׳ן באַנק און ער וועט באַלד אַרויף אויפ׳ן טיש. חי! חי! חי!

פײגע:

טאַקי אין דער אמת׳ן, וואָס געהסטו איהם אַזוי נאָך די שמה, דעם „תנא ברא" דײנעם? אַפּנים, אַז אַנאַלטע אידענע נעהמט אַ יונגען מאַן איז... הפקר פּעטרישקע! אָ, ראָניע, קוק דיך אַרום, וואָס ער אַרבײט — כ׳איז דאָך אַ מאוס׳ע זאַך פאַר די גוים — צו שלאָפען, צו וואָס? זעה, וואָס ס׳טהוט זיך מיט גנעסיען — אַפּנים, ס׳וועט דיר באַלד קומען אַ מזל־טוב, וועסט ווערען אַ באָבע אין גיכען.

ראָניע:

וואָס? זשענשצינאַ דורניא? וואָס באַלאַקעסטו דאָ? דאָ? גנעסיע? אײביש?... צע דורנאָ! ברעשעש!

לײבוש:

עס איז שוין גאָר נישט קײן דודקעס, גיב נאָר אַ קוק אויף גנעסיען, וועסטו שוין זעהן — עס איז שוין בײ איהר העט, דעט... שוין באַלד צו דער מגילה.

ראָניע:

איך װײס, איהר פערגינט איהם נישט, און װילט אָנטראָגען אויף איהם פּאַטשטען, — איך וועל אײך באַלד פּאָקאַזשען, אַז ס׳איז אַ גרויסער ליגען! (רופט). גנעסיע! גנעסיע! (אויפטריט גנעסיע פאַרוויינט). (גיט אַ קוק, זעהט העם אמת). אוי, באָזשע מאָי! באָזשע מאָי! עס איז אמת!... אַנ׳אמת!... און די, סקאָטינע, האָסט געשמײעט... וואָן, וואָן! אַרויס פון האַנגען! (גנעסיע אָב). אוי — וואו זענען מײנע אויגען געווען? וואו איז מײן ראַזום געווען? (ברעכט די הענד).

פײגע:

נו, זעהסט שוין, אַז מיר זענען חלילה נישט קײן ליגנערס און קײן נישט־פערגינערס, ווי די האָסט געמײנט. נאָר עס איז

דאָך פשוט אַ האַרץ-ווערטאָג, פאַר וואָס זאָל מיין אָרעמען ברודער נעמען אַ תּל ווערען דורך אַזאַ שאַרלאַטאַן. ער בערימט זיך דאָך פאַר אַלע, אַז די האָט אַלסדינג אויף איהם פערשריבען... אוי, ער וועט, אם ירצה השם, מאַכען אַ לייט פון דיין חאָזאַיסטווא. הלואי זאָל איך ליגען זאָגען!

ראָניע:

וואָס נאָך? וואָס נאָך וועט איהר אַליין זאָגען?

לייבוש:

איין קליינינקייט, האָט זיך אַ קלוגע אידענע און זעהט נישט, וואָס ס'טהוט זיך הינטער איהרע פּלייצעס, ער איז די וואָך געווען אין שטאָדט, דער תּכשיט דיינער, און האָט געצייגט וועלכעס אַליווע-פעלער אַ דאָווערענאָסט, אַז ער איז דער אמת'ער חאָזאַין פון דער פּאָטשט מיט דער גאַנצער בעל-הבתּי'שקייט; און האָט אַרויסגע-געבען וועלכעלען אַ סך וועקסלען, און ביי איהם געלד גענומען, און האָט איהם געשריבען וויפיעל פּראָצענט ער האָט נאָר אַליין גע-וואָלט... איך פערשטעה דיך ניט, ראָניע, איז דאָס טאַקי אמת, אַז ער האָט פון דיר אַזאַ דאָווערענאָסט? (עס הערט זיך אייבּיש'עס שטימע, ווי ער זינגט פון ווייטען). מען דאַרף זיך אָבטראָגען בעצייטענס, איך האָב קיין מורא ניט פאַר איהם, נאָר ווי זאָגט די פּאָסלאָוויצע: מיט אַזאַ גוי'עץ איז גלייכער פון ווייטענס. קום, פ... ראָחצע! (ווילען געהן).

ראָניע:

ניין, איהר וועט נישט געהן! דאָ בלייבט! איך וויל, איהר זאָלט איהם אַלעס אין די אויגען זאָגען! אויב עס איז אמת, דאַן האָט קיין מורא ניט, ניע באָיסיאַ, באָך הויס איך ראָניע די פּאָטשטאַרקע!

אויפטריט: אייבּיש.

אייבּיש:

אַהאַ! די פאַמיליע איז דאָך דאָ! אמשר האָב איך געבענקט נאָך זיי. אָ, יעדע זאַך דערמאָהנט דיך דאָ, אַז שרגא פייוויש איז דאָ געווען בעל-הבית. איך קום אַריין אין שטוב הענגט זיין טייערער פּאָרטרעט, איך קום אַרויס אין דרויסען טרעפט מען זיין ליכטיגע

בנאָך. קומט מען אין קאָנוישניע בעגעגענט מען זיין פריינד אַקסעל, און טאַמער איז דאָס נאָך וועניג, קומט נאָך אַהער זיין טייערע שוועסטער מיט'ן שוואָגעריק, ר' לייבוש ציפּאָרסקעס! צום טייוועל! יעדעס פּיצעלע דאָ דערמאָהנט דיך, אַז ער איז דאָ געווען דער בעל-הבית.

ראָניע:

איך ווייס ניט, וואָס דו האָסט אַזוינס דערלעגט צו איהם. מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט צו דיר פיעל מעהר דערלעגט... האָדיע! רעדען נאַרישקייטען, קום נאַר אַהער צו מיר!

איזביש:

איך וויל טהון!

האָניע:

האָם נאָר אַקאָרשט צייט מיט'ן טהון! (גיט איהם אַ ציה צו זיך). קום אַהער! זאָג נאָר מיר — אָבער דעם אמת, הערסט! — ביזט געווען די וואָך אין שטאָדט און אַרויסגעגעבען וועקסלען אויף מיין נאָמען צו וועלוועל אַליוועפּאָלער און ביי איהם געלד גענומען?

איזביש (אַפּאַרט):

וועלכער שוואַרץ-יאָהר האָט עס איהר שוין אָבגעטראָגען אַזוי גיך? (שטאַמעלט). עה... איך וויל ניט לייקענען, איך וועל זאָגען דעם אמת... ווי איך בין אַ איד... איך ווייס ניט, ווער ברענגט עס דיר אַזעלכע ליגענס צוטראָגען?

האָניע:

אַזוי? דו וועסט נישט פערלייקענען דעם אמת? דאָס וועלען מיר באַלד זעהען. האָסט ביי וועלוועל אַליוועפּאָלער געליהען געלד אויף מיין נאָמען און אַרויסגעגעבען וועקסלען?

איזביש:

ניין, דאָס איז אַ ליגען! איך האָב איהם נאָר געוויזען מיין דאָוערענאָסט און האָב איהם געפרעגט, ווי איך בין אַ איד — נאָר געפרעגט — נאַ סלושאַי — אויב איך וועל דאַרפען געלד —

ראַניע:

אָה, בעוואָרענסט דיך בוצים נאַ סלוטשאַי — אַ גוטער חאָזאַין!

אייביש:

אָבער קיין גראָשען גענומען און קיין וועקסלען געגעבען.
(קוקט אויף לייבוש). אָה, דאָס איז דיין מלאכה? (קריכט אויהם נאָך) חי! חי! חי! הו! הו! הו! האַר אוים, הו בורניעוואַטער איד, האַר אוים!

לייבוש:

איך בעט דיך, רעה מיט מיר אָהן סקאַרבאָווע עברי. איך בין ניט קיין בורניעוואַטער איד, איך בין, פערשטעהסטו מיך — ה' אריה לייבוש ציפּאָרסקעס! חי, חי, חי, הו, הו, הו!

ראַניע (גיט איהם אַ שלעפּ צו זיך):

וואָס רעדסטו מיט איהם? מיט מיר רעד! מיט מיר! הייסט עס, מיט „וועלוועלע אַליוועפּאַלער האָסטו געהאַנדעלט נאַר אַזוי — נאַ סלוטשאַי“ — און מיט איהר — מיט גנעסען... אויך נאַר נאַ סלוטשאַי?...

אייביש:

איך פערשטעה נישט, וואָס מיינסטו? איך... איך... אוי, (קוקט צום טייך).

ראַניע:

אָה, דו פערשטעהסט שוין צו גוט, וואָס איך מיין! רעדע עס איז צו שפּעט צו שפּיעלען זיך אין זשמורקעס! אָפען גערעדט, דעם גאַנצען אמת, ווי אויף דער דאַלאָניע!

פייגע:

אַ וועקסעל קאָן מען בעהאַלטען, אָבער, זאָל מיך גאָט ניט שטראָפען פאַר די רעד, אַ נפש'ל, וואָס וועט מאַכען קו־ע, קו־ע — קאָן מען נישט בעהאַלטען אין בוזעם־קעשענע.

ראָניע:

וואָס קוקסטו, ווי אַ האָן אין בני־אדם? רעה! דאָ מוזטו ליעגען יאַק פּאָ פּיסאַנאָ! רעה! (גיט איהם אַ צופּ).

איזביש:

אַז דו ווייסט שוין יאָ אַלעס, האָב איך נישט וואָס צו רעדען, זאָל מיר אָבהאַרען דער צונג, אויב איך וועל זאָגען אַ ליגען. ס'איז אַ פּאָדלאָסט — אמת — איך בין אַ שאַרלאַטאַן, אַ פּאָדלעץ, אַלעס אַ פּאָדלאָסט — אמת — איך בין אַ שאַרלאַטאַן, אַ פּאָדלעץ, אַלעס. וואָס אין דער קאָרט שטעהט! אָבער פערשטעהסטו מיך... איך האָב ניט נאָר דיך... איך האָב זיך אַליין אויך זעהר מאוס אָבגענאַרט... איך האָב ערנסט געמיינט, אַז איך וועל חתונה האָבען, וועל איך ווערען אַ שטיקעל מענש... גאָט איז מיין עדות, איך האָב עס געמיינט... איך בין ניט געוועזען פערליעבט אין דיר... די ביזט אַ קלוגע אידענע... די האָסט עס אַליין געקאָנט זעהן און פערשטעהן. אָבער איך האָב גערעכענט, אַ רייכע ווייב, אַ בריה, אַ קלוגע, מיר וועט זיין גוט, — איז דאָס שוין אַ גליק... עס איז אָבער ניט אַזוי... וואָס בין איך שולדיג, אַז איך פיהל דאָך זעהר אָפט, אַז מיר פעהלט זעהר פיעל, איך זאָל חאָטש אַ ביסעל זיין גליקליך? אָפטמאָל ווערט מיר עפּעס אַזוי מאוס, אַז איך וואָלט זיך אַליין צוריסען. נאָך וואָס האָב איך דאָס געטהון? איך ווער בייז אויף דיר, אויף דער גאַנצער וועלט... איך וואָלט אַלעס אָבגעגעבען אום זיין ווידער אַ פרייער משרת... דערפאַר ווילט זיך אָפט אָנ'שכור'ן... דערפאַר טהו איך דער רוח ווייסט וואָס. (גיט אַ וואָרף זיין פּוראַזשקע אויף דר'ערד). אַי — ווי איך בין אַ איה, איך בין אַ פּראָפּאַשצי מענש. קוקט אונגעדולדיג אויפ'ן טייך). אָבער האַר אויס, מיך האָט איצט אָנגעפאַנגען צו מוטשען אַ געדאַנק... איך וויל אויף איין מינוט אריבערלויפען צום טייך....

ראָניע (לאָזט איהם ניט):

ניין! רעה! רעה, אַז די האָסט אָנגעפאַנגען צו רעדען! האָסטו מיך מיט איין זעץ איבער'ן קאָפּ נאָר אָהגלושעט! ניין, שלאָג, ביז עס וועט זיך ענדיגען די דיכאָניע און דאָס לעבען וועט אַוועק! רעה גאָך!

אײביש:

איך קאָן ניט!..״ איצט ניט... לאָז מיר... דאָרט.. איך האָב מורא!

ראָניע:

רעד, רעד! האָב נישט מורא! פערקעהרט, וואָס דו רעדסט מעהר, — פיהל איך מעהר, אַז אויף מײן קאָפּ אַלײן דאַרף פאַלען די ווינאַ... איך וויל, דו זאָלסט מיר נאָר אײן זאַך זאָגען גנעסען אין די אויגען (געהט צו אויפ׳ן גאַניק).

אײביש:

נײן, ניט דאָס... איך טראַכט איצט, וואָס איז דאָרט בײם טײך, ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך בערידמט פאַר די שקצים, אַז ער וועט איבערשווימען די טשאָרטאָווע יאַמע... און איך בין געווען בעז... און איך האָב איהם גאָרנישט געזאָגט...

ראָניע:

וואָס? וואָס זאָגסטו? בן־ציון? דו האָסט איהם געלאָזט? וועה איז מיר!

אײביש:

שאַ, איך ווײס ניט, אויב ער האָט געשווימען... פון טײך האָט איהם פון דער הרעבליע געשריען, ער זאָל דאָס ניט טהון, און איך בין אַוועקגעגאַנגען אַ בעזער, טראַכטענדיג... זאָל ער זיך דערטרינקען... און איצט פערדריסט מיך, און איך האָב מורא... האַ? (יאַמשטשיקעס לויפען צום טײך מיט אַ געשרײ).

אַקסעל (פון ווײטען):

ג...ר!... לאָהקי! לאָרקי!... (געריוש).

ראָניע:

מײן קינד! עס קומט! גאָט, איך ווײס, דו הײבסט דיך אָן רעכנען מיט מיר! דאָס איז פאַר דער שבועה, פאַר דער שבועה!

האַ? (מאַכט עטליכע טריט, ס'הערט זיך אַ ליאַרם). עס איז געשעהען! דער מוטערס הערץ פיהלט דאָס אומגליק!

פײגע:

ראָניע, גאָט איז מיט דיר, מען ווייסט דאָך נאָך גאָר נישט?

ראָניע (שרייט פערצווייפעלט):

אוי, איך ווייס שוין אַלעס — וועה איז מיר! מיין זוהן! מיין קינד! (לויפט צום טייך).

אויפטריט: אַקסעל, אייביש (טראָגען בן-ציון'ס קערפּער איינגעהילט).

— אָה, זעהט! זעהט! בן-ציון — בן-ציון! דיעטינא מאַיאַ! מיין זוהן! (אומאַרמט איהם). ער איז טויט! איך האָב געשוואָרען, איך וועל איהם היטען, ווי די אויגען אין קאָפּ! בעסער וואָלט איך מיינע ביידע אויגען פערלאָרען, איידער איך האָב דאָס דערוועהען! בן-ציון! בן-ציון! (פאַלט איבער איהם — וויינט ביטער — אַלע וויינען). מיין קינד! מיין זוהן!

 

# פיערטער אקט.

דאס זעלבע ווי אין דריטען אקט נאר אלעס אין אונארדנונג. אקסעל שטעהט און רוימט צונויף אין הויף, זינגט טרויעריג „לעטיט-באמבא“.

אקסעל:

באָושע מאָי, וואָס פון דעם הויז און פון דער חאָזאיקע איז געוואָרען, און אַלץ דורך איהם... און גנעסע... אוי, אָרימע גנעסע, א רחמנות אויף איהר נעבעך... און ער גאָר ניט, א פּאַסקודנע וועלט. אַזוינער איז געזונה און אַלע האָבען מורא פאַר איהם. אַוואַדשאַיען איהם און האָבען פאַר איהם דרך-ארץ, נאָר איך, איך האָב שוין פאַר איהם קיין מורא; זייט בענצי איז דערטרונקען געוואָרען, האָט ער אויפגעהערט אויף מיר צו האַוקען און איך בין וויטער דאָ... אוי, וואָס דאָ האָט זיך שוין איבערגעטהון זייט דאַמאָלס און איהם אַרט ווי די וואַנה, שכורט און פאָהרט אַרום אויף דעם פאַיעטאָנטשיק און האָדיע! ער וועט שוין היינט אודאי אויך אַהיים קומען „מלא שמחה“, אוי. (זינגט טרויעריג). (עס הערט זיך פון וויטען א געשריי ראַ-טוטע, ראַטוטע; עס לויפען אַרויס יאַמשטשיקעס, ברענגען איי-בישען).

איי־ביש (שכור):

האַווירילע, העֶרושי!... האַווירילע שריי איך: גיב אַכטונג באַרג אַראָב — האַלט איין די קאָבילעס שטאַרק! דער גניעדאָי האָט פערריסען דעם חוואָסט און האָט אָנגעהויבען וואַרפען אין זייט און אָנגעהויבען שציַרען די ציינער. די רעדער פון פאַיעטאָנטשיק זענען געשפּרונגען אין דער לופטען. און מיט א מאָל טראַך! חליאָפּ! מיר ביידע, מיט האַווירילע מיט די קאָפּיטעס אַרויף און איך שריי האַווירילאָ העֶרושי! חאַ, חאַ, חאַ! (טאַפּט זיך אַרום). איך בין נאָך

אַ גאַנצער. הײַ, חלאָפּצי, לױפֿט חאַפּט די פֿערד און ברענגט דאַוורילאַ'ן — ער ליעגט נאָך דאָרט, חאַ, חאַ! דערזשי!... הײַ, אַקסעל, דערלאַנג נאָר די טיזוקע...

אַקסעל:

האָזאַין — פּאָזשאַלוטע — עס איז נישט גוט פֿאַר אײַך אַצינד צו טרינקען — אַט, פֿאָלגט מיך, איהר וועט זעהען עס וועט בעסער זײַן, קומט מיט מיר, איך וועל אײַך לעגען שלאָפֿען..

אײַביש:

נײַן, נײַן. איך וועל איצט נישט קאָנען ענטשלאָפֿען ווערען, און אַז איך שלאָף בײַ־נאַכט קריכען מיר אין די געדאַנקען פֿערשיעדענע פּאַסקודסטוואָ. אַקסעל, פּאָזשאַלוסטאַ, נאָר אַ קאַפּיטשקע, פֿון קוראַזש וועגען; זאָל איך ניט אױפֿשטעהן פֿון אָרט, אויב איך וועל טרינקען אַ סך, איך ווִיל נאָר געבען מאַגאַריטש, ווי איך בין אַ איד. לאָריאַן, ברענג עטליכע קעלישקעס. (אַקסעל, לאָריאַן אָב). איך זאָג איהם, דאַווריללאַ, זעה — בארג אַראָב, האַלט שטאַרק... דער גניעדאָי האָט פֿאַרביסען דעם צוים און אָנגעהויבען וואַרפֿען אַן אַ זייט און חראָפּען. די רעדער זענען געשפּרונגען אָט אַזוי הויך פֿון דער ערד, און מיט אַמאָל: חליאָפּ! מיר ביידע מיט די פֿיס אַרויף, חליאָפּ! חאַ, חאַ!

אויפֿטריט: אַקסעל (מיט בראָנפֿען) לאָריאַן (מיט גלעזלעך).

אָט אַזוי חלאָפּצי, פֿון מיר קומט מאָהאָריטש, איך בין געבליבען אַ גאַנצער. (טרינקט 2 גלעזלעך מיט אַמאָל). לאָריאַן, פּאָדנאַס! בראַט אָהין. אלע, טרינקט פֿאַר מײַן געזונדהייט! (אַלע טרינקען).

אַקסעל (גיט אַ מאַך מיט'ן האַנד):

נו, פּיש, פּראָפּאַל! (אָב, זינגענדיג).

אײַביש:

טרינקט, חלאָפּצי! אַליער חאָזאַין איז געבליבען גאַנץ (טרינקט). האַווריללאַ, דערזשי, איך גיב אַ קוק, ער בריקעט מיט די פֿיס! חאַ, חאַ, חאַ! (אַלע לאַכען). און איך קאָזעריקאָם! און דער פֿאַיעטאָן — קראַך! (טרינקט).

אויפטריט: יאַמשטשיקעס (ברענגען האָווריִלען צובלוטיגט).

— אַהאַ, האָווריִלאַ! מאָלאָדיעץ! געחאַפּט די פֿערד! גיט איהם אויסשווײַנקען זײַן הלאַטקע! (מען גיט איהם טרינקען). דערזשיג האָווריִלאַ! און בײַ האָווריִלאַ'ן מעלקאַיען די פּיאַטקעס אין דער לופֿטען! חאַ, חאַ, חאַ! (טרינקט). איך וויל ניט לײַקענען, איך האָב זיך גוט דערשראָקען, געמיינט, שוין קאַפּוט... (הויבט פּלוצים אָן צו זינגען טרויעריג, אוי גיע האראה מאָלאָ אין חאָר, ענדיגט. זיצט אַ ביסעל פֿערזאָרגט, חאַפּט זיך אויף, זינגט פֿרעהליך: גאַיעַ־חאַלי פּאַניטשי הרעבטשאַניקי ווידאטש. חאָר חאַפּט אונטער, פּײַפֿען און טאַנצען, איזביש טאַנצט. פּלוצים הערט מען אַ גלעקעל).

אויפטריט: אַקסעל (לויפֿט אַרײַן).

אַקסעל:

היי, באַסטאַ, חלאָפּצי, באַסטאַ! די חאָזאַיקע פֿאָהרט. לאָריאַן, נעהם צו די ריומקעס! (לאָריאַן נעהמט צו די גלעזלעך, גוים אָב). קומט בעסער אַוועק פֿון דאַנען; פֿאַר אײַך האָט זײַן גלײַכער אויך פֿאַר דער מוהמע ראָניע געזינטער. (נעהמט דעם שנאַפּס, פֿיהרט איזבישען). חאָזאַין, איהר הינקט יעצט אַקוראַט, ווי דער בולאַנער.

איזביש (שכור):

יאָ, אַקסעל, פֿיהר מיך שלאָפֿען. — זי דאַרף מײַן שכורע מאָרדע נישט זעהען... דו זאָלסט איהר גאָרנישט דערצעהלען... מאַך אַ שוויַיג. אַקסעל, איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, איך וועל ניט לײַקענען: איך האָב דיך פֿײַנד, ווי אַ חזיר, און אַוואַדישײַע דיך, ווי אַ מלאך. דו ביזט טאַקי אַ אידיאָט, נאָר די אידיאָטען האָבען מעהר שכל פֿון אַלע וואָס צו לעבען אויף דער וועלט.

אַקסעל:

וואָס בײַ אַ ניכטערען אויפ'ן לונג, איז בײַ אַ שכור'ן אויף דער צונג...

איזביש:

דו שוויַיג, אַקסעל; דו קענסט נישט וויסען, וואָס פֿאַר אַ פּיאַוקע עס זויגט בײַ מיר דאָס בלוט פֿון אונטער'ן הארצען... איך

ווייס, אַז אַלעס, וואָס איך טהו — טהו איך, ווי אַ פּאָהלעך... איך ווייס עס, ווי איך בין אַ איד. אָבער צוריקהאַלטען קאָן איך זיך נישט. אין דאָס האַרץ פֿוילט, ברודער; איך בין אַ פּראָפּאַשצי מענש! יאָ, איך וועל נישט לייקענען, איך בין אַנ'אוּנגליקליכע סקאָטינאַ. און דער רוח שטופּט מיך בארג אַראָב, דערזשי, האָווריליאַ!... דערזשי, הודקי! חאַ, חאַ, חאַ! דערזשי, האָווריליאַ! (ביידע אָב אין הויז.

(דאָס גלעקעל קומט נעהנטער, אַ יאַמשטשיק לויפֿט ענטקעגען, נעהמט אַריין זאַכען).

ראָניע (ערשיינט; שוואַרצע קליידער; שטאַרק פֿער־עלטערט; — זעצט זיך לאַנגזאַם אויף אַ בענקעל):

טאַ — ווי מיעה איך בין... די פּאָיאַסניצע ברעכט און אַלע ביינער נאָיען. אַמאָל האָב איך געקאָנט צוויי־הונדערט וואָרסט אָפּ־מאַכאַיען און דאַי הודשע! און איצט בין איך צוּבראָכען, ווי אַ מטשע־רעפּאַך.... יאָ, באָושע מאַי, אַמאָל? אַמאָל, ווען איך פֿלעג פֿאָהרען אַהער, פֿלעג איך פֿאָהרען אַהיים, איצט בין איך פֿון דער פֿרעמה געקומען אין דער פֿרעמד... אוי, וועה איז צו דעם מענשען, וואָס פֿיהלט זיך אין זיין היים, ווי אַ פֿרעמדער... יאָ, אַ פֿרעמדע בין איך דאָ געוואָרען... מיט פֿרייד פֿלעגט מען מיך אַמאָל בעגעגענען. מען האָט מיך ערוואַרטעט, מיין קינד פֿלעגט מיר ענטקעגען לויפֿען. איצט איז דאָ אַלעס שטיל און טויט — און איך בין אַליין...

אויפֿטריט: אַקסעל.

אַקסעל:

אָי — אַ גוטע נאַכט, מוהמע ראָניע, וואָס זיצט איהר דאָ? פֿאַר וואָס געהט איהר נישט אין שטוב?

ראָניע:

איך בין געקומען פֿון שטאָדט מיט זעהר שווערע דומקעס... און איך זיץ און טראַכט: וואָס וועט מיין אָרימער קאָפּ הייסען טהון?

אַקסעל:

געהט בעסער שלאָפֿען, מאָרגען וועט איהר טראַכטען.

ראַניע:

שלאָפֿען? (גײט צום טיש. ער איז אין דערהײם? איך װײס, דאָ שמעקט בראָנפֿען... פֿע! פֿע! (זעצט זיך צוריק, װי פֿריהער).

אַקסעל:

זאָל איך אפשר שטעלען דעם סאַמאָװאַר?

ראַניע:

נײן, איך װיל נישט קײן טהע, — דאַנקען גאָט — איך האָב נישט קײן דאָרשט, קײן הונגער, איך בין האָװאָלנע.

אַקסעל:

װילט איהר מיר אפשר אַזוי עפּעס פּריקאַזעװען?

ראַניע:

אַקסעל, איך האָב ניט מעהר קײן פּריקאַזאַניעס. אָך, יאָ. (עפֿענט דעם סאַקװאַיאַזש). װעסט איהר מאָרגען ספּאַזאַראַנקי אַװעק־טראָגען אַ שטיקעל פּאָלאָטנאָ, זי האָט מן הסתם ניט קײן װעש... און האָרט... פּעלישקעס אָדער אַפּאָװיזװאַטש... אַקסעל, אַנ'אַנדערן קינפּעטאָרין אַנ'ערשטלינג האָט מעהר גליק פֿון איהר.

אַקסעל (װישט אָב אַ טרער):

אױ, דאָבראַיאַ דושאַ.

ראַניע:

יאָ, אַקסעל, זאָג איהר, איך האָב פֿאַרדימעט... איך אַלײן האָב זיך אױך ניט מיט־װאָס אַסאַבענע צו דאַרצען... שאַ, איך בין אפשר ניט בעסער פֿון איהר, און... איך בין סאָגלאַסנע מען זאָל דאָס קינד רופֿען בן־ציון... (טרעהרען שטיקען זי).

אַקסעל:

אױב אַזױ, מודמע ראַניע, װיל איך אײך דערצעהלען אַ סעקרעטנעם סוד...

ראַניע (הערט ניט):

מיר זינדיגען, די קינדער אָבער זענען אונשולדיג.

אַקסעֶל:

מוּהמעֶ ראָניעֶ, אִיהר הערט, וואָס איך רעדע צו אייך?

ראָניעֶ:

דער וועג פוּן לעֶבּעֶן איז פוּן אייז, ווען עס איז ניט גוּט געקאָוועט מיט שאַרפעֶ פּאַרקאָוועס מוּז זיך אויסגליטשען און פאַלען... פאַלען, פאַלען...

אַקסעֶל:

מוּהמעֶ ראָניעֶ, — איהר הערט? דאָס איז זעהר אַ גרויסער סעֶקרעֶטנער סוד... איהר ווייסט אַזוי גוּט צו איהר, פאַר־וואָס זאָל איך צו איהר זיין שלעכט? פאַר־וואָס זאָל איהר קינה געבּען בּלוי־קאַיען איבּער דער וועלט אָהן אַ טאַטען, אַזוי ווי אַקסעל דער משוגע־נער? אַז איך וועל דאָס קינה ליעב האָבּען וועל איך זיין דער אמת'ער טאַטעֶ און בּפרט מען וועט דאָס קינד רופען בּן־ציון... אָדנאָ סלאָוואָ, ווען זי וועט געזונה ווערען, וועלען מיר פאָ זאַקאָנוּ משה וישראל חתונה האָבּען, זי איז „אוּמרוּצע“, ווען עס וועט זיין דער בּרית; וועל איך פּשוּט אָנזאָגען מהרבּן והרבּות, דאָס קינה איז מיינס און עס איז ניט אייער בּאָבּעס דאגה, צו ס'האָט זיך געטראָפען פרי'דיגער אָדער שפּעטער, אַבּי דאָס איז איך...

ראָניעֶ:

אַזוי? צע האַרנאַ! הוּשע האַרנע! זעהסט, אַקסעל, ווי די וועלט איז אויסטראַיעט, איינע האָבּען ניט קיין שכל זייערע אייגענע קינדער אָבּצוּהיטען, האָבּען אַנדערע רחמנות אויף פרעמדע קינדער. איינע זענען מפקיר די קינדער צוּליעב זיך, — זענען אַנדערע זיך מפקיר צוּליעב קינדער; אָי, אַקסעל, איך האָב מיין קינה מפקיר געווען. ווען מיר וואָלט ניט געלעגען אין קאָפּ דער רוח ווייסט וואָס, וואָלט מיין קינה איצט געלעבּט.

אַקסעל:

אַז גאָט וויל ניט — לעבּט מען ניט. וואָס זאָל מען טהוּן? מסתמא איז גאָט געֶרעכט און זיין משפּט איז גערעכט.

ראָניע:

ניין, ניין. — נאַפּראַסנאָ שטראָפּט גאָט נישט. די בײַזע אַני־עדות, די בײַזע געוועזן דערבײַ, ווען איך האָב געגעבן אַ שבועה... דו מײנסט, אַז דאָס איז אַ שוטקע? ניין, ברודער, דאָס איז אַ פּאַראַנגע שוטקע.

אַקסעל:

אָבער וואָס מען קאָן ניט האַפּען צוריק איז דאָך פּראָפּאַלאָ!

ראָניע:

יאָ, פּערפּאַלען! פּערפּאַלען! (פּערטראַכט זיך). אַקסעל, איז דאָ ניט געוועזן לײַביש מיט פּײַגע ראָחצען? איך דאַרף זײ האָבען.

אַקסעל:

יאָ... אוי, ווי גרינג זײ זענען אויפ'ן פּאַדיאָם!

**אויפטריט: לײַבוש, פּײַגע־ראָחצע.**

פּײַגע:

גוטען אָבענד! אַ שענע נאַכט, די לבנה זעהט אויס, ווי אַ פּלעציל פון קרופּטשאַטקע מעהל... אוי, ראָניע, ווי דו זעהסט אויס! האָסט יסורים?... איך זאָג דיר, כדאַי נעהמען זיך צום האַרצען.

לײַבוש:

אַזאַ בזיון, אַ קלײניגקײט? אַפּילו גוים לאַכען און פרעגען, וואָס מאַכט דער נײַ־געבאָרענער קרוב אין אונזער משפּחה. חי, חו, חי!

אַקסעל (פּײַפט — בײַן — אָב).

ראָניע:

פאַר מיר איז דאָס קײן בזיון ניט און מיך האַרט עס זעהר ווענינג.

פּײַגע:

אַזאַ חוצפּה, איך האָב געהערט, — זי האָט געוואָלט אַזאַ קינד... טפו! אַ נאָמען געבען נאָך הײַן בן־ציון, עליו־השלום?

ראָניע:

דאָס קינד איז ניט טפּי — דאָס איז אַ קינד, ווי דיינע קינדער, ווי אַלע קינדער... און רופען וועט מען איהם בן-ציון, איך האָב פּאַוואָלעט... צע מאַיאַ דעלאָ.

פייגע:

נו, אַז דיר איז ליעב—איז מיר ניחא... זאָג בעסער, דו ווייסט, אַז דיין תכשיט האָט דערלאַנגט אויף אונז די זאַקלאַדנע? זעה נאָר, מיין ברודער עליו-השלום זאָל אויף איך נישט דערלאַנגען זיין זאַקלאַדנע, וואָס ער האָט אויף אַלעמען דאָ, ער וועט...

לייבוש:

ער, דער לידאַק דיינער, האָט איבערגעגעבען צו איין אַבליקאַט... פערגעס ניט, מיר האָבען איין אַבליקאַט דאָרט אין הימעל...

פייגע:

געוואַלד! דאַכט זיך, אַז מען דערמאָהנט זיך...

ראָניע (רוהיג):

דו, מאָלאָדיצע, פּאָפּראַווע בעסער דעם אטשיפּיק דיינעם — ער וועט דיר באַלד אַראָבשפּרינגען פון קאָפּ. (נעהמט אַרויס אַ פּאַפּיר פון קעשענע). לייבוש ציפּאָרסקעס, איך האָב דיין זאַקלאַדנע צוגענומען ביים אַבלאַקאַט... נאַ! אָט איז זי. געה אַהיים און שלאָף ספּאָקאָינאָ, די אָליעניצע איז דיינע.

לייבוש:

פאַר-ווייס האָסטו באַלה נישט געזאָגט? (בעטראַכט דאָס פּאַפּיר קעגען דער לבנה). זי — די ריכטיגע — די אמתע! הי, הי, הי, הי, הי!

פייגע:

נו, און וואָס וועט ער זאָגען?

ראָניע:

דערווייל האָט קיינער דאָ קיין רעכט ניט צו זאָגען מיר אַ דעה.

נו, און איצט גערט אַהיים, דיין זאַקלאַדנע געפּטרט... איצט דאַרף מען טראַכטען, וואָס דיין ברודער דאַרט — האָט אויף דעם אַלעמען.

פֿייגע:

ווייס איך, ראָניע — וואָס קוקסטו דאָרט אויף מיינע רעד. אַז מען קריגט זיך, רעדט מען, ווי אַ הונה בילט... טפו. די שבועה, דער תקיעת־כף אויף אַ קאַטאָוועס.

לייבוש:

ווייס איך? וואָס דען, עט!

ראָניע:

ברודער, ווען דו האָסט געדאַרפט אַ זאַקלאַדנע האָסטו מיר געמאַכט פֿון אַלעס אַ קאַטאָוועס; איצט האָסטו די זאַקלאַדנע אין קעשענע, זאָגסטו ווידער עס איז אַ קאַטאָוועס. — ניין, צע הונדע, איצט וועסטו מיך ניט נאַרען, דאַמאָלס האָב איך געוואָלט אָבגענאַרט ווערען און איך האָב זיך אָבגענאַרט. איצט דאַרפסטו ניט באַלאַקען אומזיסט. זינט בן־ציון איז געשטאָרבען זעה איך יאַסנע, וואָס איך האָב געטהון. דו קאָנסט לייגען, אָבער די גאַנצע וועלט זאָגט מיר דעם אמת... יאָ! די גאַנצע וועלט! דער פּאָטשטאָוועה גלעקעל קלינגט, הער איך — בודעם טאָ, ווי ער זאָגט מיר — שבועה, שבועה! ביי־נאַכט זאָגט מיר דער מאַיאַטניק פֿון זייגער מיט יעדען קלאַפּ: שבועה, שבועה! דער ווינד וועהט אויף די בוימער — הער איך, ווי די בלעטלעך שעפּטשען: שבועה, שבועה. אוי, בן־ציון, בן־ציון... — איהר האָט געזעהען, ווי מען האָט איהם געבראַכט פֿון וואַסער אין אַ ווייסען לייליך? דעטינאַ מאָיאַ ראָדנאַיאַ! האָסט ניט געוואָלט זיין מיט דיין אונגליקליכער מאַמע? האָסט מיך פֿערלאָזט? אַליין געבליבען אויף דער גרויסער וועלט! (וויינט. פֿייגע ראָחצע ווישט אַ טרעהר. פּויזע). איהר זענט נאָך דאָ? געהט אַהיים, עס איז שפּעט... די זאַקלאַדנע איז ביי אייך און דאָס איז דאָך אַלעס, וואָס איהר דאַרפט... אַ גוטע נאַכט! (ראָש אָב אין הויז).

פֿייגע:

האָסטו געהערט הבורים?

לייבוש:

וואס ארט דיך, וואס די רעדט? ווי זאגט מען עס: רעדעלע יאק רעדעלע, אבי דאברי מאנעלע... חי, חי, חי!

פייגע (צוזאמען דאס לעצטע ווארט):

אבי דאברע מאנעלע... זעה נאר, צו דאס אין טאקי די אמת'ע!

לייבוש (בעטראכט עס ריכטיג ביי דער לבנה):

יא, די ריכטיגע, חי, חי, חי!

פייגע:

טא קום זשע אהיים, א שעהנע נאכט! איך וועל איצט שלאפען, ווי א געהרג'עטע!

ביידע (לוסטיג):

רעדעלע יאק רעדעלע — אבי דאברי מאנעלע (ביידע אב).

(עס ווערט שטיל. עס הערט זיך ביים טייך פון וויט א כאר — ווען דער כאר ענדיגט הערט מען, ווי אקמעל פייפט אין גארטען „אי לעטיט באמבא", ער קלאפט קאלאקאטקע און שרייט אוים כלושאי! דאן הערט מען, ווי ער שרייט פון וויט).

אויפטריט: ראניע (קומט פון הויז אין א ווייסע קאפטע).

ראניע:

אקמעל איז אויף דער סטראזש און איך קאן נישט שלאפען; איך בלאנדזשע ארום, אזוי ווי א לונאטיק. (זעצט זיך, הערט זיך צו). דער גאנצער כוועט באזשי איז געפאלען אין א דרעמאטא... די ערד שלאפט שוין און אין די הימלען איז שטיל... נאר דער טייך רעדט... אלע נאכט הויבט זיך פון טייך א טומאן צום הימעל. עס קאן זיין, אז אין דעם טומאן טראגט זיך מיין בן-ציונס נשמה'לע צו גאט... זי דערצעהלט דארט, ווי א מאמע, א ראדנע מאמע, האט פערגעסען איהר אייגען קינד צוליעב זיך. מלאכים קוקען אויף קינד מיט ושאלאסט. און דער טאטע הערט דעם יתומ'ס רעד און וויינט מיט ביטערע טרעהרען און זאגט: „גאטעניו פאטער, זי האט מיר געגעבען א שבועה, זי האט מיר געגעבען א תקיעת-כף!"...

### אויפטריט: אקסעל (קומט שטיל).

קטא טאם? קטא טאם? (דערשראקען), טוי נענקא מאיא רודנא.

אקסעל:

גאט איז מיט אייך, דאס בין איך, איהר האט ניט דערקענט אקסעל דעם משוגענעם?

ראניע:

אקסעל, וואס זאגסטו צו ראניע'ן, זי איז געווארען א שרעקעדיגע.

אקסעל:

פאר־וואס שלאפט איהר נישט? פון דער בעזמאניצע וועט איהר חלילה ושלום קראנק ווערען!

ראניע:

סקווערנא דיעלא, אקסעל, איך קאן ניט שלאפען... אין שטום חיוט זיך מיר אוים, ווי ער, עליו־השלום, קרעכצט און סטאנעט דארט אויפ'ן בעט אין דער פראיזאשטשענע... מאך איך צו די אויגען זעה איך דעם אוטאפאלניק, ווי מען טראגט איהם אין א ווייסען לייליך... בין איך דא, הער איך, ווי דער טייך זשורטשעט — בודעם טא, ער דערצעהלט, ווי מיין קינד איז דערטרונקען געווארען. די הערסט, ווי די חוואליעס זשומען?

אקסעל (זעצט זיך נעבען איהרע פיס):

אוי, מודמע ראניע, וואס מאראטשעט זיך אייך? דער טייך האט געזשורטשעט נאך לאנג, לאנג, איידער מיר זענען געווען — און וועט זשורטשען, אז מיר וועלען שוין נישט זיין מעהר. חוואליעס זשומען, וייל ווי די יאמשטשיקעס דערצעהלען: די וואסער פון טייך בוג לויפען פון דאנען ביז מיקאלאיעווע און דארט... (עס גיט א בליץ א פייער'ל).

ראניע (דערשראקען):

די האסט געזעהען, אקסעל? די האסט געזעהען, עס האט א מעלקאע געטהון א פייערדיגער פאס פון דעם הימעל ביז דער ערד.

### אַקסעל:

אַ גרויסער וואַזשנאָסט! איך זעה דאָס אַלע נאַכט! דאָס איז אַ שטערען אַראָבגעפאַלען אָדער אַ זאַרניצע... מוהמע, זאָגט בעסער — איהר האָט געהערט, מען זאָגט, אין שטאָדט סטרויעט זיך אַ נייע מיידעלשע הימנאַזיע!

### האָניע (הערט ניט):

אַ פייערדיגע ליניע פאַלט פון הימעל, עס איז בודעס טאַ אַ דאַנה פון דאָרטען ביז דאַנען... עס קאָן זיין, עס איז אַ תקיעת-כף פון פייער... דאָס איז אפשר אַ פּאָוועסטקע פון דער נעבעסקע סידעבנער פּאַלאַטע, איך זאָל זיך פּריהאָטאָווען צו אָטוועטשאַיען... אַקסעל, ער האָט דאָרט דערלאַנגט אויף מיר זיין זאַקלאַדנע. דו הערסט, אַקסעל, בודעס טאָ אַ קינה ווייַנט...

### אַקסעל:

אָה, מסתמא האָט אַ סקאָטינע אַ גענעץ געטהון, אָדער וואָס. (אַפּאַרט). אוי, רבונו של עולם! דו פּלאָנטערסט צופיעל!

### האָניע:

אַך, יאָ, אַקסעל! איך האָב דיר געוואָלט עפּעס זאָגען. (נעהמט אַרויס אַ גרויסען בומאַזשניק). דאָ אין האַמאַנעץ ביי מיר אין פּאַזוכע האָב איך פון איהם בעהאַלטען עטליכע קאַרבאָוניצעס, עס קאָן זיין מאָרגען וועסטו בלייבען אָהן אַ דאָלזשנאָסט, — נאַ, איך לייה דיר ק״ן קערבלעך.

### אַקסעל:

וויפיעל איז אַ קאָן?

### האָניע:

הונדערט און פופציג... די געהמסט אויף זיך אַ שווערע אָבּ-זאַנאָסט, — אַ פרוי מיט אַ קינד... ביזט אַ מאַטאַרנער חלאָפּעץ, אַ האָראָפּאַסניק, וועסט זיך קויפען אַ פּאָר קאָניקעס, מיט אַ פּאָר-גאָנטשיק און וועסט זיך זאַנימאַיען מיט איזוואָזנע אַרביים.

אַקסעל:

וואָס הייסט, איך וועל נעהמען אַזוי פיעל געלד?

ראָניע:

אַז איך וועל דאַרפען וועסטו מיר אָפּגעבען.

אַקסעל:

איצט איז דאָס טאַקע אַ גרויסער גמילות-חסד און איהר מעגט זיין ספּאָקאָינע, אייער געלד ביי מיר איז, ווי ביי אייך אין קאַזנע... אָבער אַז איהר וועט דאַרפען און איך וועל נישט האָבען? 150 רובל איז נישט קיין קלייניגקייט.

ראָניע (ענערגיש):

נעהם דאָס געלד און געה, פּלאַפּלע נישט!

אַקסעל:

מוהמע ראָניע! —

ראָניע:

פּאָשאָל! געה אַוועק פון דאַנען! (אַקסעל פּייפט זיין מעלאָדיע, אָב). ער איז דאָ אין שטוב אויפגעוואַקסען, ער האָט געדאַרעוועט נעבעך, איהם קומט אַ האַלושאַק און איך וויל קיינעם נישט שולדיג בלייבען. ראָניע די פּאַטשטאַרקע האָט אַלע מאָל אַקוראַטנע געצאָהלט איהרע חובות... יאָ, מעלקי חובות איז נישט שווער צו בעצאָהלען — אָבער דעם גרויסען חוב? גאַטענוי פּאָטער, זיי נישט זעהר סטראָגע? ראָניע וועט דיר אויך בעצאָהלען! (פערטראַכט זיך).

אויפטריט: אייביש (עפענט דאָס פענסטער).

אייביש (פון פענסטער):

זעה, ווי איך בין אַ איד — ראָניע איז דאָ, ביזט שוין געקומען פון שטאָדט?

ראניע:

ווי עס הייסט אויס, בין איך שוין אפנים געקומען — הלואי וואלט איך נישט געקאנט קומען.

אייביש:

פאר-וואס געהסטו נישט שלאפען? איך האב מורא אליין צו שלאפען?

ראניע:

אז מען האט מורא צו שלאפען — שלאפט מען נישט.

אייביש:

דו האסט מיך אזוי איינגעשראקען, אז איך האב געמיינט דער רוח ווייסט וואס... ראניע, גיב מיר א טרינק, פע! בײ מיר אין מויל איז אקוראט, ווי אין א פאסטאיאלע דוואר.

ראניע:

אין דיין שטעהט א הייזשקע מיט וואסער, נעהם און טרינק.

אייביש (קומט ארויס):

וואס איז דאס? רעדט דאס צו מיר אזוי מיין ווייב?

ראניע:

ראניע די פאטשטארקע רעדט אצינד צו דיר!

אייביש:

ראניע, דו ביזט בעז? הער, איך וועל דיר עפעס דערצעהלען, וועסטו לאכען.

ראניע:

ניין ברודער, — ראניע וועט שוין אפנים נישט לאכען.

אייביש (זעצט זיך צום טיש):

דאזורילא, דערוש! חא, חא, חא!

ראניע:

ער לאכט איצט! אוי, וועלכע בעזשטשיסטשוועגע סקאמינעם די מאנסבילען זענען! זאג מיר נאר, ווייסטו, אז איבער-מארגען וועט זיין דער ברית ביי גנעסעס קינד? מילא, מיך ארט ניט, וואס מען לאכט און מען טיקעט אויף מיר מיט די פינגער...

אייביש:

מיך ארט אויך ניט.

ראניע:

דיך ארט ניט, וואס דו האסט מיך אזוי פאדלע אפגענארט? איך האב געמיינט, אז עס איז גלאט אזוי, א באלאוואנא — און די האסט מיר אנגעשפיגען אין פנים! שפעט צו רעדען דערפון! טראכסט חאטש, וואס וועט זיין פון דער אונגליקליכער מיט איהר קינד?

אייביש:

ניין, בעסער איז ניט דענקען פון קיין זאך!... אמת, איך וועל ניט לייקענען, איך בין א לומפ... מיר טהוט אמאל א קאלופע ביים הארצען, אז דער רוח נעדמט מיך... אבער וואס? טהו בעסער אזוי, ווי איך; דענק ניט... איך דענק פון קיין זאך ניט.

ראניע:

דו דענקסט פון קיין זאך ניט? האספאדין סקאווארדיק, ברעשעש! דענקסט שוין גוט, וואס שפעטער וועט זיין, פערזארגסט זיך! איך האב זיך הערוואוסט אין שטאדט, אז דו האסט מיך וואספאלאזשעט; מיט מיין דאווערענאסט האסטו ארויסגעגעבען א גאנצען פאק מיט וועקסלען און ווילסט פון אקציאן אפקויפען פאר זיך, דאס הייסט, צונעהמען פאר די וועקסלען די פאטשט, אלע פאסטראיקעס, די פערד, די ברישקעס. — דו ווילסט ווערען דא דער חאזאין? דא? ווילסט ראניע'ן ארויסווארפען פון דאנען מיט א הינטער-פיסעל? נא, צע חורגע, — וועסט אבשקווארען די הענד!

אייביש (שכור'לעך):

מען האט דיר שוין דערצעהלט? אמת, זאל איך ניט אויפ־שטעהן פון דעם ארט, אויב איך וועל לייקענען — איך וויל נאך

אַלעס זאָל זיך רעכענען אויף מיין נאָמען... וואָס איז דער חילוק? פאַר מיר איז אָבער ניט שעהן... ניט אַ פּרוי, אַ מאַנסביל דאַרף זיין דער חתן... און — ווי איך בין אַ איד — איך וועל דיר זאָגען דעם אמת... דו ביזט די לעצטע צייט פאַראָזריטעלנע... מיר זענען לעבעדיגע מענשען... טאָמער, חלילה, וואָס — קומט דער רוח וויסט וועה און טרייבט מיך אַרויס פון דאַנען, ווי אַ הונד. וואָס וועל איך טהון? געהן הינען און ווידער זיין אַ משרת, וועל איך ניט קאָנען... דו ביזט אַליין שולדיג... דו האָסט מיך צובאַלעוועט!..

ראָניע:

און דו מיינסט, דו וועסט דאָס אַליין צונעהמען און וועסט חתונה האָבען מיין בעל-הבית?

איציק:

יאָ — ווי איך בין אַ איד — מיין ניט, אַז איך בין אונטער שכּוֹר — איך ווייס יעדעס וואָרט, וואָס איך רעד.

ראָניע:

און איך מיין, דו וועסט מיט דיינע אַלע וועקסלען גאָר ניט קאָנען טהון. אויף דעם אַלעמען איז דאָ אַ גרויסע זאַקלאַדנע! דער בעל-חוב איז אַ שטאַרקער און איך האָב מורא ער וועט ביי דיר צונעהמען אַלעס... האָספּאָדין חאָזאַין, דיר קאָן אָנקומען אַ פּייט אונטער'ן נאָז... און וואָס דאַרפסטו מיך, אַנ'אַלטע ווייב, אָהן דעם? וועסט מיך טרעטען מיט די פּיס, מאַכען פון מיר אַ נאַר! ציינן, ברודער, דאָס וועסטו ניט דערלעבען!

איציק:

ווער האָט אַ זאַקלאַדנע? בע! אַליגען! מיינע וועקסלען זענען געמאַכט ביי אַ נאָטאַריוס פאָ ווסי פאָרמאַי, איך האָב ניט גע-זשאַלעוועט, איך האָב אַרויסגעגעבען וועקסלען אויף דריי מאָל אַזוי פיעל, ווי דאָס אַלעס איז ווערטה, — דו וועסט מיר אייביג שולדיג זיין, חאַ, חאַ, חאַ! אייביש פיטערזאָהן פערשטעהט אַ געשעפט... ראָניע, דו דאַרפסט ניט קיין מורא האָבען, — זאָלען מיר די אויגען

אַרױס, זאָל איך ניט דערלעבען אױפֿשטעהן, אויב דו װעסט ניט זײַן מײַן אמת'ע חאָזאַיקע! (סאָלאָװײ פֿײַפֿט). אױ! הערסט, דער סאָלאָװײטשיק זינגט! די נאַכט איז אַזױ שעהן — עס איז אַזױ גוט צו לעבען און צו ליעבען... די לבנה שײַנט אַזױ ליכטיג... אַי — ראָניע, פֿאַר װאָס ביזטו אַזױ גיך אַלט געװאָרען? האַװריליאַ, הערזשי? חאַ, חאַ! (זינגט פיאַנאָ טרױעריג „אױ נאַראָה קאָזאַטשענקאָ", ביז ער שלאָפֿט אײַן אויפֿ'ן טיש (ראָניע גערט אים אױף און אָב פֿערטראַכט).

ראָניע:

יאַק? ער װעט זײַן דער בעל־הבית, און איך, ראָניע, די פּאָטשטאַרקע זאָל זײַן זאַװיסימאָ פֿון איהם? אָה, נו, צע חורבע! (סאָלאָװײ זינגט). דער סאָלאָװײ זינגט פֿרעהליך און מײַן האַרץ װײנט, די גאַנצע װעלט איז שעהן און מײַן לעבען איז אַזױ מאוס... עס איז דאָ אַ סך פֿרייד און מיר קומט אָן נאָר צרות... אױ, ראָניע, פֿאַר װאָס ביזטו אַזאַ אומגליקליכע? גאָטוניאָ, אַ פֿינסטערע ביטערע דאָליאַ האָסטו מיר געגעבען... מסתמא האָב איך דאָס פֿערדיענט. (װײנט). אױ, דאָס אַדאַ! דאָס האַרץ נאָיעט און איך װײס ניט װאָס איך זאָל טהון... די לבנה האָט זיך אָבגעשטעלט פּונקט אַנטקעגען מײַך... אירע שטראַהלען זענען קאַלטע... די טהוט אַן אַלעס אין אַ קאַלטער ליכטיגקײט... עס איז תכריכים פֿון שטראַהלען... עס איז דאָס ליכט פֿון טױער און טױט... נײן! איך װיל הײסע ליכט, איך װעל באַלד אַלעס אָנטהאָן אין רויטע קלײדער! פּײַװיש! די האָסט אַ זאַקלאַדנע און קאָנסט ניט קומען דאָס אַליך צונעהמען! איך שיק דיר דאָס אַלעס אױף די הימלען, בן־ציון איז געגאַנגען צו דיר אין הימעל מיט װאַסער — איך װעל אָװעקגעהן מיט פֿײַער (לױפֿט אין שטאַל, פֿערשפּאַרט די טהיר און מאַכט אַ פֿײַער. אײַביש בעװײַזט זיך אין פֿענסטער).

אײַביש:

די געדענקסט הײַנט שלאָפֿען, צו נײן? דו שרעקסט מיך הײַנט? (ראָניע שרײַט, עס צײגט זיך אַ פֿײַער. אײַביש לױפֿט צום טהיר). עפֿען! װער איז מיך, װאָס טהוסטו, עפֿען! (רײַסט די טהיר)

### ראָניע:

נײן, נײן, — ראָניע בעצאָהלט איהרע חובות!

(אַ ליאַרם. אַלע לױפען אַרײן. אַ גרױסער פײער, איציבּיש טראָגט זי אַרױס).

### איציבּיש:

װאָס האָסטו געטהון? װעה!

### ראָניע:

ראָניע האָט בעצאָהלט פאַר דער שבועה! (שטאַרבט. (אַלע געמײנער ליאַרם).



